מיט אונזערע פּאָנען
װעלן מיר זײ פֿאַרברענען.
מיט אונזערע פֿויסטן
װעלן מיר זײ פֿאַרלעשן.

# אַ נאַכט אַפן פרייען פעלד

.1

צומערשט איז געשטאַנען אַ נאַריש-אויפגערעגטע זון
און אַ דערשראָקענע, פאַראַקשענטע לעוואָנע.
ווי צוויי הענער, איינס קעגן ס'אַנדערע—אַ געלער און אַ ווייסער:
— קוק זי נאָר אָן! זי שטופּט זיך אויך מיט אירע קרומע פיס!
— קוק נאָר אָן, ווער סי רעדט!
— קוק נאָר אָן וועמען איך געפעל נישט!
— איך בין גאָלד קעגן דיר!
— און איך בין זילבער!
„זילבער"... „גאָלד"... „גאָלד".... „זילבער"...
האָט די זון געזען, אַז סי ווערט שפּעט, און מיט וועמען וועט זי
דאָ שטיין און טאַינען?
מיט אַ לעוואָנע, וואָס שלעפּט זיך אַרום אַ גאַנצע נאַכט,
אין די טונקלסטע ערטער פונם הימל און פון דער ערד?...
האָט די זון געכאַפּט און פאַרגאַנגען הינטער די בערג,
ווי אַ קאָפּ פאַרגייט פון אַ קאַצעווס בלוטיקן טיש
אין אַ אידענעם פאַרטוך אַריין.

.2

עס האָט מיר אָנגעשמעקט אַ קוש צו טאָן דעם-אַ קאָפּ
און מיר איינרעכטן די ליפּן מיטן בלוט פון דער זון,
עס האָט מיר אָנגעשמעקט אַרויפצעלייגן אַ ליפּנזיגל אַף דעם-אַ
זונזייגעזונט אין די בערג.
וואָס האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ ביליק בילדער-קאַרטל,
וואָס מי זעט אַמאָל אין אַן אויסלאַגע פון אַ ריווינגטאָן-סטריטער
ספּאָרים-געשעפט
און וואָס „שטעלט-פאָר" אַ זון, רויט ווי טריפּאַקס, באַשאָטן
מיט גליטער-זאַמד.

עס האָט מיר אָנגעשמעקט אַ קוש צו טאָן דעם הימל מיט
דער ערד,
מיט דיביימער, מיט די קי, מיטן ברונעם, מיט די זועוריקעס,
מיטן ערדענעם לאַדישטש, וואָס אַ פּאַרמער האָט ארויסגעהאַנ-
גען אַף אַ ברעג פּלויט,
די דיקע פּאַרמערקע, וואָס צעשפּאַרט אַלע קליידלעך אונטער
די אָרעמס,
דעם פּאַרכעוואַטן הונט אַף דער קייט, וואָס האַווקעט בלויז
אַף יויצע זיין פּאַרן באַלעבאָס.
עס האָט מיר אָנגעשמעקט ארומצונעמען די וועלט מיט
ביידע לאַבעס
(אַ נעכבע אַף איר!)
ווי אַ געזונטע, קיילעכדיקע, פרייכנדיקע קאַלע, און זאָגן מיט אַ
נאַריש פּאָנים:
„נע-שאַ-מע מיינע!”
נאָר איך האָב מיך באַרעכנט, אַז אימיצער האָט דאָס
שוין אַמאָל געזאָגט.
און צו וואָס איבערזאָגן?
צו וואָס איבערזאָגן?

.3

צישן מיר און איר, צישן שמוסן פון קאָמוניזם און לעקער,
האָט זי אַריינגעכאַפּט אַ ווישקראָביק לעוואָנע, און
געזאָגט און געזונגען און געזיגן ליכטיקייט,
ווי מ'זייט לאָקשן פון אַ צינענעם דאַרכשלאָג.
וועלטן ווי גאָלדענע וועלשענע ניסלאך
האָבן געפלימערט אין דער הימלשיסל
האָבן געמינעט און געציטערט און געפלאַטערט מיט שפּיצלעך
פון שאַטנס
אין פאַלדן פון בוימער.
אַ רים פון אַ לאַנגן שטיק קאָרע טוט לייכטן מיט נאַקעטער
„זינדיקער” ווייסקייט
(צי קענען דען וואונדן זיין זינדיק?)
וועלטן האָבן געפלאַטערט מיט שפּיצעכדיקע געשפּענצן,
און געזאָגט און געזונגען און געזיגן ליכטיקייט,
ווי מי זייט לאָקשן פון אַ צינענעם דאַרכשלאָג.

עס איז געווען ווייסע נאַכט אַף די קעטסקילבערג. דאָס פּאַרטאַ־
לאַפּעטע לעבן
צעוואַשן אין די פּאַרצעלייענע בעקנס מיט לעוואַנע־שיין.
אירע אויגן פאַרנעפּלט מיט געשמאַקער ברוינער מידקייט—
נאָכן טאָג אַרבעט אין האָטעל, פון באַקן געבעקלעך ברויט און
קיכלאַך און קוילעטשן.

אָ, מוטיקע מויד פון דער קיך און פון באָקשטוב!
ווי שמעקט מיר אָן דיר אַ קוש צו טאָן אין דיינע קליינעדיקע
הענט,
וואָס זענען שאַרסטקע, קויטיקלעך און האַרט, און גיבן אָפּ דעם
ריחאָך
פון אָנגעפּלאַמטע אויוונס, שמאַלע, טיפּע מיט היימישע לאָפּעטעס
און קאָטשערעס און פּאַמעלעס.
נאָר דו האָסט געזונגען מיט אויגן ווי מאַנדלען און ווייצע־
ראַזעווען לעקעך,
אין שטילקייט פון נאַכט און פון בערג, וואָס דרימלען אין גרויסע
כאָלוימעס:

„און ווער סי האָט פּאַר קוילן מוירע—
צו דער מאַמען הינטערן קלייד!
יענער איז קיין באָלשעוויק נישט,
יענער איז קיין באָלשעוויק נישט,
ווער סיעט שטאַרבן מיט זיין טויט".

און די לעוואַנע, אַ באַרואיקטע, נאָכדעם ווי זי האָט גוט אָפּגע־
זידלט און פאַרטריבן די זון,
האָט דערווייל געזאָגט און געזונגען און געזיגן ליכטיקייט
(ווי מי זייט לאָקשן פון אַ צינענעם דאַרכשלאַג)
צו דיר אַף די ברוינלעך־צעקרענצלטע האָר, וואָס שמעקן מיט
קיך,
מיט קויעך און מיט בוימל. אָ, לאָמיר כאַפּן אַ פולע
רעשעטע מיט שטערן און—אַנשלאָפן ווערן!

.4

באַטאָג האָט די אויסצער, דער הונגער געגריזשעט די שטאַמען
פון פלאַנצן,

ווי ציין פון מעשוגע-געוואָרענע מעשענע מייז.
די ערד — א דארע און טרוקענע מאמע, בראנדיק פון דאָרשט,
סאַדיסטיש געזויגן האָט קלעי פון די קינדישע ביינדלעך
אָנשטאַט זיי צו געבן איר ברוסט פול מיט רעגן און ראָסע.
און בראַנדיק און בלאָ איז געוואָרן די ערד ביז צום וואָרצל.
ליפּלעך פון פלאנצן פארשלאפטע און שווארץ ווי די ערד —
זיי שפּיצן זיך אָן צו גרייכן די מאַמעשע ניפּלעך,
און קומען קאריק פון וואונדיקע ליפּן צעביסן מיט מאמעשן
גיפט.

דער טויט, אָ, דער טויט איז אין דרויסן!
מיט קלאפּערדיקע ביינערשלעסער
שטוצט ער אום איבער פארכאלעשטע פעלדער.
זשאָווערדיקע קאָסע אויף דער פּלייצע,
אָ, פארמוטשעטער טאָג פון אויסטריקעניש און דאָרקייט!
ווען פרייכיקע היץ
צערט-איין דעם מענטש און די ערד, דאָס פי און די טייכן,
שטויב — דינער, בריאיקער שטויב לייגט זיך, ווי פּריסיק,
אָף בלעטער,
וואָס דארפן זיין גלאָנצפריש און קלעפּיק מיט זאפט
און מיט יוגנט.
אָ, פאַרמוטשעטע שוועסטער! אין שטינקיקער קעך פון
האָטעלן
ווי א גאָרטן פארברענטער האָסטו דיין צוויט און דיין פרישקייט
פארלוירן, אָ, שוועסטערל, זיסע,
וואָס דיין אויג איז מאַנדל אין קאָרענעם לעקאַך פון ערלעכן
פּנים!
דיין מאמע, א שלאפע, אַ מידע, ווי פעלדער אָן שפּריי און
אָן ראָסע,
האָט דיר דיינע ביינדלעך גענאָגט אנשטאט זיי צו נערן.
אָ, דערצייל מיר, דערצייל מיר, ליבלעבן, כאוווערטע מיינע!
דערצייל פון דיין שטעטל ערעטשי, אין לאנד פון מאָדיאַרן,
וואו פלאמקעפּ פון מאָגרויז פאררונדן די ראנדן פון גערטנער,
וואו וויינשטעק און זייפּבלום זיך פלאָנטן די פעלז-בערג
צישן די יאָסלעס.

.5

איך בעט דיר אוים א געלעגער פון ווערטער, וואָס שמעקן ווי היי
און ווי גאָלדענע סטויבערם פון צוויבל.
א פאַסע א גרינע פון הויכע סינטאַקסישע זאַנגען,
דינע אזוינע ווי רויטער און זיידענער צווירן.
דערצייל מיר, אַ, שוועסטער, פון יענע פארוואָגלטע טעג
פון פיין און פון פייער,
וואָס האָבן די פאָנען די רויטע געפלאַנצט אין די גערטנער
ווי רויזן.
און בודא און פעסט האָט געפלאַקערט מיט פלאַמיקע פליגל
פון אָדלערם פון רויטע! באוואפנטע בעלא־קוניסטן.
אונגאַרנס בלוטיקע רויזן אַף בלאָטיגע מיסטן.
ביז ס'האָבן די ווייסע כאַזיירים צעטראָטן די רויזן — די פאָנען
די רויטע.
פלעדער־מייז האָבן געפעטשלט די פליגל אין בלוט
און האָבן דאָס פייער דערוואָרגן.
דער בלוטקער טאַליען האָט סרייפע באַם האַלז־קנופ דערשטיקט,
און שווארצס איבער רויטס, און נאכט איבער טאָג האָט געזיגט.
דאָך איז נאָך טויט־שרעק ווי גראַבליקע פיסלעך פון ראַצן
געבליבן אין הארץ פונס האַר און אין האָרטים פאַלאַצן.
א קנאָכיקער פינגער א לאַנגער געטונקען אין בלוט פון אָפענע
ווינד
שרייבט אַף דער וואַנט: „באַצאַל, דו בורזשוי, פאַר דיין זינד.
אויסקויפן בלוט קאָן נאַר בלוט.“ דער פינגער שרייבט קלאַר
און שרייבט דין;
אַ, ס'זענען נאָך טערעמס פון פריצישע שלעסער מיט
קוגציק־געשניצאָכץ
געבליבן פארסמאָליעט, געבראנדמארקט ווי קי צו דער באָינע.
און ס'וועט אייך נישט העלפן, אָ פריצים, דאָס ווישן די שפורן
פון פלאַמען.
א פונק איז געבליבן פון פייער, דער יאדער, דער זאמען.
געבליבן איז אונגאַרנס פייער אין פייער־עסענץ:
אין האָרטים געגילטע פאַלאַצן שפרייזט־אום א געשפענץ —
א טליאיקער פונק.

.6

לאָמיר מינטערן דעם פונק.
לאָמיר מאכן פון פויסטן א קלעטקע
אַף צו נעסטן דעם פונק.
לאָמיר מינטערן דעם פונק מיט אונזער אָטעם.
ביז ער וועט ווערן א וואלדפייער, א נאכטצירונג.
לאָמיר היטן אַפן פונק אזוי צארטלעך, ווי נאָר קריגער קאָנען!
לאָמיר קיין טרערן נישט לאָזן — ניין!
ווי די שעה זאָל נישט זיין,
דער פונק מוז טרוקן זיין.
לאָמיר מינטערן דעם פונק, ביז ער׳ט ווערן
א ריזיקער בארג מיט פייער,
און פון דעם שפיץ פייערבארג וועט ארויסשטעקן
דער מאַזאָליטער אָרעם פונם ארבעטער—ווי א פאָנשטאַנג.
און די קנאָכיקע פייערבאלויכטענע האנט
וועט האלטן פאראקשנט די פאָן.

לאָמיר מינטערן דעם ציטערדיקן פונק אונזערן,
וואָס לאכצט צום פעסל פולווער.
לאָמיר קייקלען נענטער דאָס פעסל פולווער,
וואָס לאכצט נאָכן פונק.
לאָמיר טראָגן דעם פונק אין שווארצאפל פון אויג,
ביז די זון וועט אויפגיין,
ביז די זון וועט אויפגיין.

.7

אָ, דאָס הארץ איז אין מעש.
דאָס הארץ איז פארפאלן.
די פאָן איז געפאלן אינאיינעם מיט ארבעטער-קעפּ אין די
טויזנט.
(מיר האלטן א כעשבן: צען קעפּ פאר א קאָפּ).
דאָס קארליקל זיצט דעם ריז אפן שטערן
און זויגט מיט די ליפעלעך שטיל, אז די שלעיף זאָל נישט הערן.
זויגט פונם שלעיף אים דעם מארעך, דאָס זודיקע בלוט;
באלעקט זיך דער קארליק געשמאַק און זאָגט: „עס איז גוט“.

ער קושט פֿאַרשלאָפֿן די שלעיף און זויגט אוים דעם האָניק
פֿון טראַכטן.
און בלייך בלייבט דער ריז — פֿאַרטאַיעט באַם שוועל פֿון די
שלאַכטן.
עי, ריז — שטיי דאָך אויף!
עי, ריז! א פֿליג אַף דיין שלעיף
איז דער קארליק-בורזשוי, וואָס גיפֿטיקט דיין ריינעם
פֿאַרשטאַנד.
שטיי אויף-זשע, דו ריז, און נעם ס׳געווער אין דער האַנט!

דערצייל, אָ, דערצייל!
עס איז דאָרשטיק מיין אויער נאָך דיין וואָרט, וואָס איז פֿריש
און באַטאַמט, ווי שישקעס פֿון וואָרעם און ראָזעווע
ברויט.
דיין וואָרט איז אַ הענטל צום האַמער, געפֿורעמט פֿון אייפֿריקע
מייסטערס.
דיין וואָרט איז אַן אָנשפּאַר צום האַרץ, וואָס איז וויסט
און פֿאַרלוירן אין מידבער פֿון ווערטער.
אָ, מיידל, מיין אויער איז א בעכער פֿאַר רויט-הייסן וויין,
וואָס טריפֿט פֿון דיין וואָרט,
וואָס איז מאַרך און איז וויין.
דערצייל-זשע, מיין קינד — —

„איך בין מיד. כ׳וויל שלאָפֿן. ס׳איז נאַכט אַף די בערג
פֿון די קעטסקילס,
און זומער, דער ל ע צ ט ע ר שוין היי-יאָר!
לוואַנעשער ראָד איז דער שטייער פֿון ליכטיקער שיף
(„אַף פֿינף אָקעאַנען
זאָל ווייען און פֿלאַמען!")
אָ, שיפֿראָד! אָ, ראָד פֿונם ליכטיקן אָנהויב! האַלט פֿעסט
און האַלט אוים!
דער שטורעם — ער ברעכט און צעשאָקלט די ריפּן פֿון אַלע,
וואָס האָבן בלויז ריפּן פֿון ביין-שטאָף!
אָ, וויג מיך, לעוואַנע! אָ, וויגט מיך אין סרייפֿעס, רויט-צינגיקע
שטורעמס!

וויגט מיך און שיצט מיך און גורט מיך און צירט מיך אין
רויטן!"

.8

לאָמיר אויסטראַכטן אַן עמעס, מיין ליבלעבן.
לאָמיר אויסטראַכטן א גרויסן עמעס, מיין ליבלעבן.
לאָמיר אויסטראַכטן אַן עמעס, אַלע איניינעם, מיין ליבלעבן.
לאָמיר אויסטראַכטן אַן עמעס, וואָס קאָן אויסגעטראַכט ווערן
בלויז ווען הימל און ערד עס רעדן זיך איבער מיט פייער,
און קאַנאָן רעדט זיך דורך מיט קאַנאָן ווי קאַנאַנען נאָר קאָנען!
לאָמיר אויסטראַכטן אַזאַ עמעס, ליבלעבן, וואָס קען אויסגע-
טראַכט ווערן בלויז פון אַלע אַרבעטאָרערם איניינעם.
אָ, לאָמיר אויסטראַכטן א לאַנגן, ליכטיקן עמעס פון
זאַפטיקן וואָרצל און סטעלניק,
פון וויימוט און פּראַכטיקע פּאקליעס אין פולקייט פון טריפיקן,
אויליקן פייער.
אָ, לאָמיר אויסטראַכטן די וועלט, מיין ליבלעבן, און זי
איבערטראַכטן;
און באַטראַכטן זי אין די פולע פּראַכטן פון אַ וועלט,
וואָס קלאַפּט ווי אַ געזונטער פולס אין אַ געזונט געלענק
פון א קעסלער, אַ שלאָסער, א לאַנגשאָרמאַן, א קוילנגרעבער,
א באַן-ארבעטער.
לאָמיר אויסטראַכטן אַן עמעס, וואָס איז קוראַנטער ווי דער
עמעס
פון געליישטע באַלעבלעך, וואָס הייבן זיך אַרויף-און-אַראָפּ
אַף וואַסער-שטראַלן פון אַ פאָנטאַן.
לאָמיר אויסטראַכטן אַזאַ'ן עמעס, אַז די וועלט זאָל
א ציטער-טאָן, אויפציטערן, איבערציטערן
און בלייבן רואיק, ווי ס'צינגל פון א וואָג נאָכדעם ווי
ס'האָט אָפּגעוואויגן זיינס, —
בלייבן רואיק, פּאַרטאַיעט און פאַרשוויצט אין דעם זיסן נאָכוויי
פון געבורטשמערץ,
(מיט לעדערנע נאַכעס-קניטשן אַפן ברייטן, האַרטן קאַרק).
לאָמיר אויפהויבן דעם עמעס ווי אַ באַרג
און אים לייגן צוקאָפּנס.

לאָמיר זיך לייגן די וועלט צוקאָפּנס, כאַווירים, וועט אונז זיין
העכער צו שלאָפן.
לאָמיר ארויפציען דעם עמעם ווי אַ פאָן אויף אַ שפּיץ טורם,
לאָמיר אויפהויבן דעם טורם, ער זאָל זיין אזוי הויך, ווי די פאָן,
אויב נישט ה ע כ ע ר !
לאָמיר אַלע איניינעם, ברידער און שוועסטער, כאַווירים
און כאַווערטעס,
דעם עמעם מעקאַבל, קאַבל, קאַבל פּאָנים זיין !
לאָמיר אָנטאָן דעם עמעם אין רויטע געוואַנדן, ווייל רויט איז
ס'געוואַנד פון עמעס !
לאָמיר נעמען דעם נעכטן באַ די פיס און אים וואַרפן דורכן
פענצטער,
ער זאָל ברעכן האַלדזענאַקן.
לאָמיר אָננעמען דעם מאָרגן באַ דער האַנט און אים אריינפירן
אין שטוב אריין,
לאָמיר נעמען דעם היינט און אים איבערברענען,
איבערשמידן, אונטערקאָוועןן מיט אַ קופּערנער פּידאַוקע,
אַ האַק, אַן אוירינגל און אַ מעשענער קראַקווע.
לאָמיר נעמען דעם לאַנגן היינט אַף די פּלייצעס (ס'שאַט נישט,
אַז זיינע לאַנגע פיס
זאָלן זיך נאָכטאַלעפּען אַף דר'ערד !) און אים אוועקטראָגן
און מיט אים מיסטיקן אַ פעלד פאַר די רויטע רויזן.
לאָמיר אַלע איניינעם, איניינעם דעם מאָרגן מעקאַבל, קאַבל,
קאַבל פּאָנים זיין.
לאָמיר אַלע איניינעם,
לאָמיר אַלע —.

.9

—קאַיען, וואו איז דיין ברודער העוועל ?
— וואָסער ברודער ? איך קען אים נישט.
— יענער, וועמען דו האָסט צום טויט געשלאָגן !
— אַ, יענעם קאָן איך נישט, יענעמס טריט היט איך נישט.
איך בין מיר אַ פיינער מאַן, איך גיי אין שול אריין,
אין קלויסטער אריין, איך טרינק גוטן וויין, עס גוטע קרעפּלעך.

איך קום מיך נישט צענויף מיט די געמיינע מענטשן אין די שעפּלעך.

איך בין פון בעסערן קלאַס. אַ גרינע רויז אין לאַץ,

איך סמאַרקע — אַנטשולדיקן זי מיר זייער שטאַרק! — אין ווייסן טיכל אריין,

איך קוק אָפט אין אַ שיינעם ביכל אַריין.

מ'זאָגט, אַז ליבע, איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן, איז טרויריק!

אַז איך גיי מיט מיינער אין בעט אריין, איז קרעכצן מיר ביידע, איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן.

איז יאָ, איר פרעגט מיך, וואו מיין ברודער העוועל איז?

פון וואַנען זאָל איך וויסן, וואו יענער שלעפּער איז, איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן?

וואו האָט אַ הונט אַ היים?

וואו האָט אַ העוועל אַ . . . טעלעפאָן-נומער?

10

העוועלם קאָל שרייט היינט העכער,\
ווי ס'האָט געשריגן אמאָל.\
מיט העוועלם העליש קאָל איז פול\
די בלוטשיסל, דער טאָל.

העוועלם קאָל מאַכט ציטערן\
דעם גאַנצן טרערנטאָל,\
העוועל פלאַם-שווערט צינגלט\
אף וועלטן-וואָגנשאָל.

העוועלם קלייד אין רויטן,\
די רויטע פאָן טוט ווייען.\
העוועלם עמעסע ברידער\
קומען די וועלט צו באַפרייען.

11.

— „גוט נאָוונט, איר זענט אַ דיכטער?"\
— „איך בין א דיכטער, און איר?"\
— „איך בין א מיטגליד פון פאַראיין „געלע גענזענע פענעם."

איך בין מיר געקומען באַשטעלן אַ ליד אַף—"
— „אַשטייגער?"
— „איך וועל מיר לאָזן בויען אַ ליד אַף צו גיין אָנקוקן אַ קאַלע,
אַ ליד מיט אַ פּאַלאַבאַן, אַ ליד מיט אַ שפּיץ און אַ שליץ,
און מיט אַ סך קעשענעס און קעשענקעס, און מיט זילבערנע העקעלעך.
איך וויל מיר לאָזן בויען אַ ליד אַףווינטער, ווי אַ פוטער מיט אַ סויבל-קאָלנער.
כ'וויל מיר לאָזן בויען אַ ליד אַף צו גיין אָנקוקן אַ קאַלע.
אַף צו פּאַרקאַטשען אַ קנייטש און אַף צו שניידן אַ פּאַלע.
**צו פאָרן אַפן לאַשקעוויצער יריד**; אַף צו זיין אַ גוטער איד.
כוויל מיר לאָזן בויען אַ ליד מיט אַטלעסענער פּאַטשיווקע
און מיט וואַטע, און מיט שטייפליווּנט און מיט כיטרע גלאַנצלעך.
כ'וויל מיר לאָזן אויפבויען אַ ליד, וואָס זאָל האָבן אַ האַפט און אַ לעדערנעם הענגער,
און זאָל קאָנען איבערגיין ביערושע אַף דויר-דוירעס.
כ'וויל מיר לאָזן בויען אַ ליד, וואָס זאָל זיין אַזוי ליכטיק,
ס'זאָל אַלעמען פאַרטונקלען.
כ'וויל מיר לאָזן בוין אַ ליד עפּעס אַזוינס און אַזאַס, פאַרשטייט איך מיך, וואָס די וועלט
האָט נאָך אַזוינס נישט געזען. אַ גוטן שאַבעס!"

.12

די מאַמע פלעגט זינגען: ראָזשינקעס, מאַנדלען.
דער טאַטע פלעגט לויפן האַנדלען און וואַנדלען.
די באָבע פלעגט מונקלען: „גאָלדענע ציגעלעך".
נאָר באַ איצטיקע וויגעלעך שטייען נישט מער די ציגעלעך,
גאָלדענע קריגעלעך, זילבערנע קריגעלעך.
וועלף גרויסע שטייען באַ די וויגן — גרייט צו פאַרצוקן.
סערפּעס בלישטשיקע וואַכן איבער וואָלף און וויגן.
נאָר די קאָנסט דאָך דאָס ליד, שוועסטערל מיינס.
וואָס דיין פּאָנים טוט שמעקן פון קאָרענעס לעקאַך,
פון קיך און פון קויעך.
שלאָף, שלאָף, מיין באַשערטע, אַפן הימל דער זייגער האָט אַ ריינע קופּערטע.

לויכט מיר זיין ראדיום-ווייזער דורך בוים און דורך שטרויך.
פון יענעם האָטעל-קוימען דאָרט-אָ סי שפּאַרט שוין אַ רויך.
ס'איז בלויז נאָך צוויי שטונדן
צום וועקזייגערס קלינג
זייגער זעקס —
דו דאַרפסט שוין באַלד אויפשטיין פאַרקנעטן ס'פּוטערגעבעקס.

.13

ס'איז נאַכט אויף די בערג. און באַנאַכט אויף די בערג
ווערט דעם מענטשנס האַרץ ווי אַ וועוויריק צעצאַפּלט.
דעם מענטשנס געפיל ווערט ווי אַ פלוי אַזוי שוואַנגערדיק,
גרינג.
(אַ פלוים שוואַנגערשאַפט דויערט בלויז, זאָגט מען, אַ י י ן
מינוט!)
עפּעס דינס און גרינגס און קריכעדיקס,
אינזעקטיש פיין און פילעוודיק.
ווי אורגעוועבן פון דעם ערשטן לעבן, וואָס רירט זיך אינם
וואַסערשליים.
יעדער פינגער דיינער האָט טויזנט הענט, — טאַפּנדיקע,
זוכנדיקע,
גלעטנדיקע, צווייג-אָדערדיקע הענט, מיט אָדערן ווי אַ
לאַנדקאַרט —
צו ווייזן גאָלדענע האָר פון הענט, וואוהין די וואונדער וואַנדערן.
און זאָגן זאָגסטו שטיל צו זיך אליין: וועלט,
גיב מיר טויזנט הענט צו פילן וועלט און מענטש און לעבן!
אַ, וועלט, גיב מיר טויזנט ליפּן צו קושן יעדער פיצל גראָז
באַם וואָרצל.
ארבוז און בלעטערפלאַנץ און האָפּן-הענגלעך האָבן טויזנט
פיל-פעדים צו פילן און צו טאַפּן,
צו וואַנדלען און צו וועלן, צו הימלען און צו טהוימען.
דער מענטש האָט בלויז צען פינגער און צוויי ליפּן.
די נאַכט האָט מיליאָסן אויגן קליינע און אַ י י ן אויג אַ גרויס.
די ווילדע כאַיע-ראָע נאַכט לויערט דאָך אויף אונז מיט לוג
און ליגן,
איידער אַ טאָג גייט אוועק, געדויערט אמאָל אַ יאָר —

איידער דו קוקסט זיך אום, גייט אוועק אַ יאָר.
אָ, אַנגעשרויפּט מיט אומרו איז דאָס האַרץ פון אונזער וועלט.
און ווער קאָן שלאָפן שטיל, אַז ס׳קאַפּקישן איז שטאָל,
ס׳ליילעך — פייער ?

.14

באַנאַכט אַף די בערג רוט פאַרסמאַליעטער טאָג, פאַררויכערט פון שלאַכט.
סאָסנענעס זענען ארמייען. ארמייען דרימלען. זאַנגען אַף פעלדער
זענען אויפגעשטעלטע ביקס־באַגנעטן. אַלע דרימלען מיד און שווער
אין שיין פון מילדן מילכוועג.
פּערלדיקע טראָפּנס. פּערל וואַרימע אַף טונקל־גרינע פלאַש־קאַלירטע קרעמן־האַרטע וואַסערן.
פּערלמוטערנע שטילקייט. פּערלשטערן. שטערנשנירלעך
אַף אַ טונקלעם האַלדז פון העל געזאַנג און וואַרים וועלן.
אַ זומפּ גלאַנצט אויף אַף זילבער־פּוסטע שליאַכן.
דער נייער מוילעד
איז מאַנאַקל אַף סנאָביש אויג פון בלאָנדן דיכטער,
וואָס שרייבט מיט פינקלדיגע פינטעלעך
די שריפט פון אלע אויסגעשפּילטע אימאַזשיסטן —
(פון איימי לאָועל ביז צום סאַמע לעצטן גראַפאָמאַן דעם וויסטן.
און ווער איז דען זייער גרויסער אָפּגאָט
אויב נישט דער ענגלישער פּאָעט ט. ס. עליאָט ?)

.15

דער בוים זאָגט : ווער שלאָגט מיין שאָטן צו דער ערד ?
אָ, צי מיך נישט אראָפּ שאָטן, צי מיך נישט אראָפּ.
דער טאָג האָט געדאַנקען, די נאַכט האָט כאַלוימעס.
כאַלוימעס זענען געדאַנקנס שאָטן.
דער שאָטן פון קעמלהאָרב איז נאָך נישט ס׳קעמל אליין.
זאָל דער דאָרשטיגער קעמל נאָכגיין זיין שטילן שאָטן צום וואַסער, וועט ער זיך אַנטרינקען.
שווערע שאָטנס ציען אראָפּ צו דער ערד.

זינקען אין טיפער ערד אריין. דער בויך פון דער ערד איז פול
מיט שאָטנס.
ס'אויער פונם קעמל איז פול מיט שאָטנס
(אין אויג פון קעמל דרימלען פיראַמידן).
אַ לאַנגער שאָטן ליגט איבער מענטשן און וועלט און אַפּדאַכט.
— איז דער שאָטן פון אייזן?
— ניין, דער שאָטן איז נישט פון אייזן!
— איז דער שאָטן פון פייער?
— ניין, דער שאָטן איז דער שאָטן פון שפּינוועב!
דער בוים דאָ־אָ, לעבן מיר, וואָס צווייגט זיינע צווייגן געשפּענצן
איבער מיר, אין מיר, דורך מיר צו מיר —
דער־אָ בוים האָט געדרייטן גוף פון לויטער הערנער.
אָ, בוים פון דער היינטוועלטיקער נאַכט,
(אַ נאַכט מיט אויערינגלעך),
מיר שמעקט אָן דיר אַ קוש צו טאָן אין דיינע הערנער,
אין דיין קאָפּ, אין דיינע פּיס, אין דיין האַרץ, וואָס איז לויטער
הערנער.
נאָר זע, כ'בעט דיך!
אונזער בוים איז פון אויבן ביז אראָפּ
אויפגעשפּאָלטן פון אַ בליץ.
דער ווייסער שראַם גרינצט,
ווי אַ געעפנט מויל פון אַ ביינערן מעס!
אַ שטיינערן מעס, ווייס, האַרט, קלאָר, זונגעשליפן.
אָ, בליץ, וואָס האָסטו צעשפּאָלטן דעם גוף
פונם בוים ביז אַראָפּ?
דער בליץ שווייגט, נאָר דער בוים רעדט:
— איך טראָג זונפייער, זומפּפייער,
וואָס ווילסטו מער?
—איך טראָג גאָלד און גאָדלעס אויף מיינע פּלייצעס מיינע
הערנער,
וואָס ווילסטו מער?
— איך טראָג זונפייער, זומפּפייער,
פליגנפייער, שטערנפייער אויף מיינע פּלייצעס, מיינע הערנער.
וואָס ווילסטו מער?
—איך טראָג פאָנען אויף מיר, — יעדער בלעטל אַ פאָן.

פאַנען א י ן מיר, א ף מיר, א י ב ע ר מיר — פאַנען
אף פאַנען.
פלאַמט פאַנען — פלאַמט!
צינדט זיך אָן! כאַפּט זיך אָן —
מיטן פלאַם פונם ווייטן און פלאַמיקן וואַלד, א י ן מיר,
א י ב ע ר מיר, ד ו ר ך מיר, אף מיינע פלייצעס, וואָס זענען
הערנער.
וואָס ווילסטו מער?

.16

ס'איז נאַכט אף די בערג פון די קעטסקילס.
מיין ליבלעבן שלאָפט בא מיר אין די פאַרשלאָפענע אָרמס.
איך הוידע שוין אויך דעם קאָפּ ארויף און אראָפּ,
איך שווים אף אַ טייך און הענג אַף אַ פאָדים,
און שליטל מיך לאַנג אַף לאַנגע זילבער-מראַקעס,
אַף סטעפּעס פון שניי און פון וואַטע — באַטיפּלט מיט בלוט
פון אָדלערס געכאַפּטע, וואָס לאָזן א פוס אין דער פאַנג-שטייג
און
פליען און קרייזלען ארום די אייגענע בלוט-העראָגליפן
זוכן אין טויט נקאָמע צו נעמען פון טויט.
אָ, פאַנען ווי רויזן! ווי ביטער איז ברויט און ווי פיסנע איז
ברויט,
ווען נויט האָט קיין מוט נישט צו הויבן די פויסט
כאָטש העכער פון אייגענע שפּיצן פון פינגער!
אָ, פאַנען ווי רויזן! ווי זים איז ס'ברויט,
ווען ברויט איז באַשמירט מיט ביטערע ליכטיקן וואָרן
פון עפּעס אזוינע פאַרברידערטע שטראָמען וואָס
פליסן צו טייכן,
וואָס גייען צום יאָם —
וואָס איז שוויים,
וואָס איז בלוט,
וואָס איז טרערן,
וואָס איז קאָכעדיק שוים
פון גליאיקן אייזן,
וואָס פאַלט אַף די האָרניקע דלאָניעס פון קעסלערס און שמידן
וואָס בלאָזן דעם פלאַם-שוים אראָפּ פון די דלאָניעס

און טראָגן אין העלע, האַרנביין־פּויסטן,
שוואַלבן און האַניק און זונפונק און פונק פון די ליכטיקע קוואַלן,
וואָס שאַלן מיט נאַכעס און ראַכוועס פון טראַפּנבאַהעפטונג.
אָ, טראַפּנס, וואָס לעכערן פעלזן און וויגן־אויף בערג,
און רירן־אויף זאַמדן פּאַרטיפּטע און טיפּסטע פּאַרווערימטע
דנאָען פון פעלזן און שלאַסוואַנט־טונעלן!
אָ, פּלאַמט־אויף, איר געפּעסטעטע וועלטן פון גאָלד און פון טרערן,
כ׳שנעל מיט אַ פינגער אין נאָז דער בלאָער לעוואָנע,
האָרכט מיך, איר ווייטע פּלאַנעטן,
איר מוזט אונז דערהערן!

.17

צישן מיר און דיר, צישן שמועסן פון ליבע און לעקאַך,
פון עלאַ מעי וויגינס, קאַטאָווים, גאַנזאַלעס און סאַקאָ־וואַנזעטי,
פון „וואָס־וועלן־מיר־טוען־אין־שטאָט“?
פון די איידעלע טעוועס פון וואַרימע שטרודלען, וואָס מ׳בעט איבער
זייער קאָוועד און מ׳שניידט זיי מיט קעכמעסערס קאַלטע.
צישן די אלע שמועסן, אין א רעשעטע שיטערע שטערן,
איז אויסגעפאלן א פּעניצל קאַיאַר
און געזאָגט און געזונגען און געזיגן ליכטיקייט,
ווי מ׳זייט לאָקשן פון אַ ציגענעם דאַרכשלאַג,
איבער דיין בלאַס, מיד, ווייצנראַזעווע פּאָנים
וואָס שמעקט מיט רעוואָלוציע אין אונגאַרן.
אָ, ווען די אויגן זאָלן זיך נאָר אויפכאַפּן!
נאָר דיינע אויגן, אָ, מיידל פון שטעטל ערעטשי אין אונגאַרן,
דיינע אויגן זענען געווען פאַרמאַכט. געוואַכט און געלאַכט
אָן געלעכטער, נאָר מיט אויגן פול ווי עמערם מיט לוואָנע
און מיט גלויבן אינם רויטן סערפּ, אין די רויטע שטערן
האָט בלויז דער דיכטער פון דיזענע ריימען.
ווי אויך דער האַפערדיקער רויך פון דעם האָטעל־קוימען
וואָס האָט גערופן דיך אויפצושטיין און באַקן טאָרטן,
ברייטע ווי די כאַכמעס פון קאָנפוציוס,
און גערופן אונז אַלעמען — לעקאַכבאַקערס,
קוימענקערערס, לידערשמידן,

שניידערס, בערשטערס
צו מאַכן רעוואָלוציעס.
ווייל הינטער אַלע רויכן, איז דאָס פייער.
און פייער גילט־אָפּ מיסט און מיעסקייט.
הינטערן רויך — פייער.
הינטערן פייער — טאָג.
הינטערן טאָג — דעם טאָג אקעגן מיט צעפלאַמטע פאָנען —
מיר, די רויטע קנויטן אין דער רויטער זון.

.18

יאָ, מיר וואָס באַקן דעם לעקאַך,
וועלן עסן דעם לעקאַך.
און יענע, וואָס זייער לעבן איז לויטער לעקאַך,
וואָס טונקען זייער לעקאַך אין אונזער שוויים,
וועלן מוזן געבן דעם לעקאַך
צו די, וואָס האָבן ביז איצט
דערלאַנגט זיי מ׳לעקאַך אין מויל אריין.
אַזוי וועט עס זיין, מיין ליבלעבן.
אזוי וועט עס געווים זיין, מיין ליבלעבן.

האָרך! אַ בלעטל פאַלט פון בוים אַראָפּ,
אַ קו לאָזט וואַסער און מאַכט מו,
אַ שטערן פאַלט און פעדימט־איין
אַ פאָדעם פייער אין דער וועלט.
א מערזשקע, וואָס האָט בויכווייטיק און קען נישט שלאָפן,
הערט ווי געגעזיקטע פליג, איבערגעקערט מיט די פיסלעך
ארויף,
ווײנט פון שלאָף און רופט מאַ־מע.
דעם מאָרגנשטערן אייפערט אויף אַ פייערפליג.
עמיצער נעמט צענויף די שטערן־טשייכן אין א ברוינעם
קאָרע־קויש אריין,
וואו זיי רייבן זיך און רוישן מיט דעם אָרענטלעכן רויש פון
שטערן,
וואָס באַגעגענען זיך אין קאָרע־קויש.
דער פרימאָרגן איז אַ רייכער, טרעלבאַך־טערק

מיט אַ פּורפּור־באַרג פאַר אַ יאַרמילקע,
ער זיצט מיט די פיס הינטער זיך אַף אַ סאַך וואָלקנקישעלעך
און ציט זיין נאַרגיל.
דער טייך איז אַ דעמיטאַס מיט דאַמפנדיקער קאַווע.
אַ שוואַרצער האָן, פאַרשפּעטיקטער, שפּרינגט אַראָפּ פון
סידאַלע,
פּאַלט פּונקט אַף אַ צעשראָקן הינדל
און פּאָרט־זיך אָפּ אויף גיך, גיך,
גיט אַ ביס אין ווייבס קעפּל און שטעלט זיך קרייען שאַכרים:
גע־דאַ־גע, אוקרי־הו!
גע־דאַ־גע, אוקרי־הו!
ס'איז שוין פרי, ס'איז שוין שפּעט.
שטיי אויף, מיין לעבן,
דאָס טייג רינט שוין זיכער אַריבער
איבער די ראַנדן פון אַלטע מולטערס,
שטיי אויף,
דו דאַרפסט שוין אויפשטיין!

## פּראָדוקציע

זאָלן יענע זינגען פון הונגעריקער פּיין פון ליבע,
זאָלן יענע זינגען פון הונגעריקן שמערץ פון לעבן,
איך זינג פון הונגעריקן צאָר פון הונגער.

און ווייל די טעג זענען זויער מיט הונגער,
און ווייל די וואָכן זענען ביטער אין זייערע וואָרצלען,
און ווייל די הונגערשטאַרבערס שוואָלן-אָן די לאַנגע גאַסן
און די ברייטע גאַסן
ביז צום פּלאַצן;
און ווייל פאַרשאָלטענע אַרבעט ווערט אויסגעטיילט צו די
ציטערדיקע, ברוינע-בלויע הענט פון די באַלמעלאָכעס
ווי נעדאָווע-גראָשנס ווײַס מיט פּראָסט,
און ווייל ס׳פאָלק טראָגט אַף ביידע אַקסלען אַן אייזערנע
מאַסע:
אַף איין אַקסל אַרבעט; אַף דעם אַנדערן — אַרבעטלאָזיקייט,
מוזן מיר, וואָס אַרבעטן נאָך דערוויַיל, און עסן נאָך דערוויַיל,
אַרבעטן וואָס אַ טאָג אַלץ מער,
און עסן וואָס אַ טאָג אַלץ ווינציקער.

אונטער אונז די שרעק פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, ווי טויבער
אָפּגרונט;
איבער אונז: איר אַרבעטלאָזע. אייערע פאַרמאַטערטע לייבער
ווי
בייטש-רימענס צום שטעקן פון עקספּלואַטאַציע.
אייערע פאַרשמאַכטע, געשלאָסענע ליפּן ווי שעכטמעסערס
איבער אונזערע גאָרגלען.
יעדער בינטל אָראָפּגעלאָזטע, ליידיקע הענט פון אַרבעטער
אַ בינטל טרוקן האָלץ אַפן שייטערהויפן וואו מיר סמאָליען.
יעדער שרענגע ליידיקגייענדיגע פיס אין דאַרע שקראַבעס

א צענטנער אייזנשטאַבעס
אַף דעם וויג-ברעט פון אונזער נויטבאַדערפטיקייט. ס'דריקט אַראָפּ
פון א י י ן זייט אונזער העל געמיט, און הויבט-אויף
פון דער אנדערער זייט, דעם קלאַפּעדיקן סקעלעט פון אונזער הונגערשרעק.
און ווייל אונטער בערג מיט אויפגעאַרבעטער ארבעט, ליגן מיר כאַרעוו און אַ טעל,
מוזן מיר אין אונזער אויסגעצויגענער ארבעטצייט באַשאַפן
נאָך און נאָך נוד,
נאָך און נאָך נויט.

אַף אונזערע שפּילנדיקע, גוטגעאײלטע מאַשינען באַשאַפן מיר
נישט נאָר אונזער מאָרגנדיק ברויט,
נאָר אויך אונזער מאָרגנדיקן הונגער:
פיר שעה א טאָג צו באַשאַפן טרוקן ברויט,
די איבעריקע זעקס אַף באַשאַפן נויט
פאַר זיך און פאַרן גאַנצן הויז-געזינד.

אַ, האָרכט, האָרכט! דער טויט גליטשט זיך אַף
אונזערע מאַשינענרימענס;
די אַרבעטלאָזיקייט זשומט און זינגט
אַף אונזערע פלינקע שפּינדלעך;
דער קריג קלינגט אין יעדן איבערצייט-קלאַפּ פון
אונזערע האַמערס!

אַ, ריז פאַרקנעכטיגער,
נישט פונם בעטלער אין גאַס מיט אויגן ווי צוויי פאַרפרוירענע טרערן
זאָלסטו לערנען, נאָר
פון דעם געווילד אין וואַלד, וואָס בייסט זיך איבער דעם אייגענעם פוס
אין פאַסטקע, און לאָזט זיך צעבלוטיגט
נאָך זיינע פאַנגערס מיט א געשריי,
וואָס פאַרקילט ס'האַרץ פונם הימל.

עי, איילט זיך דאָרטן באַ די מאַשינען, איילט זיך!
פלאקערט ביי די שפינדלען, פלאקערט!
צאַפּלט באַ די פלאַם-פייערס פון די שמעלצאויוונס, צאַפּלט!
האַסטיקער, הייסער אייער נויטשוויים,
לענגער, לענגער אייער איבערצייט.

אינדרויסן וואַרט, באַ מיסטפּעסלעך, אייער ברודער,
אייער קינד,
אייער טאַטע, אייער שוועסטער, איר אליין—
אַף פרישער ארבעטלאַזיקייט,
שפּאַגלניי פון די מאַשינען אַפיר.

הערקולעס פאַרטשאַדעטער,
מיט די אייגענע ציין האַלטסטו-צו די פאַרזשאַווערטע קייט
וואָס קאָוועט דיך.
מאַך-אויף דיינע ליפּן, ברודער, און שפּיי-אויס און
לאָז פאַלן די קייט און באַפריי דיך.

# נאָטן

די פּראַכט פון באַנען האָב איך מיטאַמאָל באַנומען:
די פערזנמאָס פון איינגעשפּאַרטע גלייזן.
ווילסטו ליריק? ברענען אינדערלופטן בלומען,
ווילסטו עפּיק? טאַפּטשען ריזנפיס פון אייזן.

האָסטו ליב דעם פידל? טעלעגראַף איז לאַנג,
זאָגט ער אָן: „ס'שטאַרבט א שווענטמאַריע"
גייט אַף דראָטן־נאָטן אַ געזאַנג,
ציטערט אין דער לופט א גרויסע אַריע.

העלע פייגל ווייזן זיך אין פלאָם —
שטעלן זיך אַף לעקטערישע דראָטן.
זעט דאָס אוים ווי אקוראַט צום גראַם
אַף נאָטן־בלאַט, די פלאַטערדיקע נאָטן.

ס'איז גרוים די גרויסע וועלט, אַ כאַוווער,
ס'בלישטשעט טוי און שוויים און רעגן,
און שיין איז אויך די שיינקייט פונם זשאַוווער,
וואָס עסט־אויף דאָס, וואָס קאָן שוין מער נישט לעבן.

## אַ קוימענקערער

און דאַרף מען זיין א קוימענקערער — איז מען!
וואָס איז די בושע ,און וואָס איז דאָ נישט שיין?
וויל מען, אַז ס'זאָל גיין א פייער, מוז מען
זען, אַז אויך דער רויך זאָל האָבן וואו צו גיין!

און דאַרף מען זיך די נאָז פאַרשמירן — שמירט מען!
לאכן קינדער, לאכט דער ראָשע, לאכט דער נאַר;
נאַר דו, וואָס ווילסט אַ ווייל אין שווארצע שלונדן
ווערסט מיט העלן פלאם באַלוינט דערפאַר.

ס'איז אַזוי באַשערט שוין מינאַסטאַמע,
אז ווער סי קערט דעם קוימען, קויטיקט זיך דאפון;
נאָר דאַרף מען זיין א קוימענקערער איז מען,
איז קריכט מען דורכן קוימען צו דער זון!

# מיר!

מיר בעטן נישט בא קיינעם קיין גנאָדן,
מיר זענען נישט די אַמאָליקע נעבאַכעס.
און וואַרפט מען אונז ארויס ס׳ביסל בעביכעס
וויינען מיר נישט פאַר די פעטע טרעלבאַכעס.
מיר קומען מיט די בראַונינגגס אָנגעלאָדן.

מיר זענען היינט נישט מער די שטילע לעמעלעך
וואָס דאָוויד עדעלשטאַדט באַוויינט אין זיינע לידער.
מיר זענען נישט די זיבן אָרעמע ברידער
וואָס דאַווענען פון רייכן ברודערס סידער.
מיר האָבן אייגענע ניוקלוסן און קעמערלעך.

מיר האָבן נישט קיין כיינגריבלעך און נישט קיין שיך,
אַ סאַך פון אונזערע האָבן פּאָקנגריבלעך.
מיר קומען פון די לייםעדיקע שטיבלעך,
וואו מאַמעס זענען נישט צוגעלאָזט און ליבלעך.
מיר זענען די פאַרשאָלטענע וואָס שעלטן זיך!

מיר קומען אויפקנאַקן די האַרטע ניס, די גאָלדענע,
מיר קומען אָפּווישן דעם בלוטפאַרפּעצטן טאָוול,
מיר קומען איינגעמען די טורעמער פון באָוול,
מיר פראָפּן אין קאַנאַל אַריין ס׳פּאָריצל, ס׳ראָוול,
מיר קומען־אָן דורך האַגלווינט געמאָלדענע!

מיר האָבן קראַפּט, מיר האָבן שיינע האָזע,
מיר האָבן אָנגעשרויפּט די פּיס מיט מאַרשן,
מיר האָבן גרייט די בלייערענע קאַרשן
פאַר יעדן פעטן, פינצטערן באַלדאַרשן,
מיר שיטן שרויט אין לידער און אין פראָזע!

מיר האָבן נישט קיין פּאַכאַד פאַר די שיידימלעך,
פאַר כיטרע לאַפּיטוטן און שמעגעגעס.
אונזערע פאַרפלייצן אַלע ברעגעס.
און קומען־אָן די גוירל־פולע רעגעס
טרעפט מען אונז נישט ליגן אױף די ביידימלעך.

מיר האַלטן נישט פון אַלטע זאַבאָבאָנעס,
כאָטשע גיסן בליי איז באַ אונז אַ סגולע.
מיר האָבן צילן העלע, וואונדערפולע,
מיר האָבן דורכגעשוויצט די הייסע לעגינשולעס :
מיר שיקן שאַלעכמאָנעס דורך קאַנאָנעס.

מיר טראָגן רויטע גהעניםס אין די אויגן.
מיר קומען גרייט דעם סוינע צו פאַרצוקן.
מיר וועלן זיך שוין קיינמאָל מער נישט בוקן—
פאַר לאָרדן און פאַר פערשטן און פאַר דיוקן,
וואָס האָבן אונזער קליי און מאַרך געזויגן.

שטעכט מען אונז די אויגן, טרעסן מיר די זיילן,
ברעכן מיר די ווענט אױף אונז׳רע פאַנגער,
מיר לאָזן נישט פאַר זיי וואָס איז ווערט אַ מאַנגער,
מיט דער בליצבייטש פייערדיקער, לאַנגער,
וואַרפן מיר די טייטנדיקע פיילן !

## רעד, וואַיט ענד בליו

. . . קליינע קינדער שרייען:
„הורא פאָר דהי רעד, ווהאַיט ענד בליו“.

אין שולע און אין קינדערגאַרטן לערנט מען
דזשאַנען, דזשעסין, דזשאָועןָ, אייבין שרייען:
„הורא פאָר דהי רעד, ווהאַיט ענד בליו“.

אַף עסעקס סטריט, אַף מאַט סטריט, אַף סיגל סטריט,
אין שול-הייזער פאַרדעמפּטע, קומען קינדער
פון אַלע עקן וועלט: „שינים“, „וואָפּס“,
ווייסע, בלאָע, רויטע קינדער
„ניגערס“, טשינקס“—
רוישן ווי די פליגן,
קלאַפּן מיט די פּויקנדיקע שטימעלעך:
„הורא פאָר דהי רעד, ווהאַיט ענד בליו“.

געלער שמעלצקעסל קאָכט די רעשטלעך פעלקער
אין נולן אויסגעבלאָזענע.
עס בלעזלען הערצלעך יונגינקע.
אַ שוואַרצער שטעקן מישט און מישט.

פון אַלע ווייסע, בלאָע, רויטע ראסן
ווערט אײן קאָליר: אַ קויטיק-ווייס, אַ גרוי.
(די פאַרב פון טעמפּער אָרעמקייט)
„הורא פאָר דהי רעד, ווהאַיט ענד בליו“.

אַז דזשאָן און דזשעס און פּעט און אייבי
קומען קריק פון קינדערגאַרדן,
זענען די נעזלעך רויט פון קעלט,

די ליפּעלעך—ווייס,
און די אייגעלעך בלאָ:
„הוראַ פאָר דהי רעד, ווהאַיט ענד בליו“.

„שוין זייער אַ סאַך דער זייגער“, טראַכט פּעט,
דער טאַטע שלאָפט אַליין אין בעט.
די מאַמע איז אַוועק קיין נוארק צו דער טאַנטע,
ברענגען פלייש און ברויט און עפּל,
נאָר זי זאַמט זיך עפּעס זייער שטאַרק.
אין דרויסן גייט אַ שניי אַ שיינער, אַזאַ ווייסער,
נאָר דאָס אייוועלע איז קאַלט, דער קוילן־עמער ליידיק.

דער טאַטע שלאָפט... און פּעט אַליין מעסט אָן
דעם קוילן־עמער אַף זיין קעפּל,
לאָזט רעגענען דעם שטויב פון לעצטע קוילן
אַף בלאָנדע פּאַסמעס האָר און לאַכט:
— אי׳ם ע פּייערמען.
— אי׳ם ע פּייערמען.

דער טאַטע שלאָפט. פּעט פאַלט אין נאַסן סטענדל. וויינט.
שפּילט ,זיך מיטן דאַרן קעצל,
וואָס וויינט און קלאָגט אין קאַלטער שטוב.

דער טאַטע שלאָפט... זיין האַנט הענגט בלאָ אַראָפּ פון בעט.
פון זיינע ליפּן גייט אַ רויטער שוים,
נאָר די נאָז איז שפּיצעכדיק און ווייס:
„הוראַ פאָר דהי רעד, ווהאַיט ענד בליו,
„הוראַ פאָר דהי רעד, ווהאַיט ענד בליו“.

## די רויטע שוואוע

מיר ביילן די פויסטן און שווערן
באַ אייזן, באַ ברויט און באַ בלוט,
אַז בערג זאָלן קניען און הערן
דעם אייזן־און־פייער־מאַרשרוט.

מיר שווערן באַ קוימנס מיט פייער,
מיר שווערן באַ אייזערנער רויז,
אַז צאָלן פאַר בלוט וועלן טייער
די היטער פון גאָלדענעם הויז.

מיר שווערן באַ לעבנס געפייניקטע,
באַ זון, וואָס איז בלוטיקער טשערפ—
אַז שטאַרבן איז ביטערער טייניג,
פאַר האַמער און שטערן און סערפ.

מיר שווערן באַ שטאָל און באַ טוואוע;
מיר שווערן באַ פלאַמיקער פאָן;
מיר שווערן די אַרבעטער שוואוע
צו נעמען אן אויג פאַר אַ צאָן.

שטייט־אויף! עס איז אונזערס די שטונדע,
עס איז אונזערס דער טאָג און די ערד.
וואָס טיפער די קלינג אין די וואונדן,
וואָס האַרטער די האַנט אַפן שווערט.

אָן מירטן, אָן גאָלדענע צויטן —
נאָר אייזן צו אייזן געווענדט!
מיר וועלן די יאַמען צעבויטען
מיט קרומע, מיט נאַקעטע הענט.

עס זשאַווערט די האַק, די אָפּצוואַנגע
אין ריוו, וואו עס דאַרט אונזער ברויט;
מיר פּלאַצן פאַנאַנד ווי אַ דאַמבע,
אין אויסגוס פון צאָרן און טויט.

מיט פלאַם אינם סוינישן שטערן—
דעם סוינישן מאַרעך פאַרלעש!
און בלינקן און בלאַנקן די טרערן—
דאָס האַרץ איז פון אייזן און מעש.

מיר זענען דאָס פאָלק און די פעלקער,
דאָס זאַלץ פון דער ערד און די ערד;
מיט בלוט פון די האַרן און הענקערס
מיר שטילן דעם דאָרשט פון דער שווערד.

מיר ביילן די פויסטן און שווערן
באַם ערעוו און אָנהויב און סאָף,—
זיך אַלע ווי באָרוועסע בערן
צו וועקן פון הינטישן שלאָף.

די שווערד מיט צווייזייטיקע שאַרפן
מיר ציען אין קאַמף מיטן קריג;
די ליידיקע שייד מיר פאַרוואַרפן
ביזן טאָג פונם ענדלעכן זיג.

# אין שאָטן פון מילכאָמע

געשאָכטענער האַלז ווײנט מיט רויטע טראָפּנס
אַף ברוינעם לײַב, אַף האָריגע בריסטן;
די וועלט איז האַרט און עפּעס ווי אומיסטן
און האַרטע פויסט איז ווי אַ שטײן צעקאָפּנס.

נאָר ס׳ווײסן שוין דעם סאָד די הונגער-האָרדעס,
עס זינגען אים שוין קינדער אין די וויגן:
זיי קושן אונז, זיי קושן און  ב אַ ט ר י ג ן,
עס רינען בלומענרייד איבער כאַזער-מאָרדעס.

מיר טראָגן אום די הענט אַף אַלע מאַרקן,
מיר באָטן אונזרע בײנער אָן ווי סכוירע;
פון קלויסטער פאַלט אַף אונז אַ בראָנזנע מאָרעשכוירע,
די שטײנערענע יאָכן ברעכן אונזערע קאַרקן.

און וויפיל זענען  ז י י ?  און וויפיל זענען  מ י ר ?
מיר פילן-אָן די וועלט מיט לײַב און לעבן!
עס וואַרט דער לײַב דער הונט זאָל עפּעס געבן —
עס שטייט דער ריז פאַרשעמט ביים קאַרליקס טיר.

אָה, נאַקעטע, מוטערנאַקעט—ס׳האַרץ, די טאַט, די לידער.
עס איז די וועלט אָן אייגענע שטוב-און-אַלקער.
מיר אַלע איין מישפּאָכע. אַלע פעלקער —
איינגעטיילט אַף שוועסטער און אַף ברידער.

געשאָכטנער האַלז וועט מער, וועט מער נישט וויינען
מיט הייסן בלוטגראַנאַט אַף ברוסט און פאַנצערשילדן,
שוימיק מויל וועט בייסן ווילד און שילטן
די האַנט פאַרגעסן צו פאַרשיטן וועט פאַרשטיינען!

אָ, ריסטעט אייך! אָ, גורט אייך אָן! די שלאַכטן
רויכערן דורך לירישע טומאַנען.
מ׳הערט שוין קלאָר דעם אייזנקנאפּל שפּאַנען,
מ׳הערט שוין ווייטע טיר־און־טוירען קראַכן.

אָ, ריסטעט אייך אַנטקעגן די פּלישטים,
און נעמט ארום ס׳האַרץ מיט שטעכער־דראָטן;
פון געלן גאַז עס קריכט אַף אונז אַ נאַסער שאָטן,
פאַרטיליקט אים, פאַרטרייבט אים און פאַרווישט אים!

## שאַרמאַנקע

שאַרמאַנקע האָט אַן אייזנפוס,
שאַרמאַנטשיק האָט אַ צווייטן;
און ביידע אינײַנעם
שפּילן זיי פּאַר לייטן:
אַי־טאַינאַנינאַם, טאַינאַם!

אַף שאַרמאַנקע—אַ קעסטל,
אַפן קעסטל—אַ פייגעלע,—
ציט פויגל אַ קוויטעלע
מיט אַ צוגעמאַכט אייגעלע:
אַי־טאַינאַנינאַם, טאַינאַם.

זון וואַרעמט די הענט־האָר,
זון דריקט אַפן קאַרק;
אוי אָרעמקייט, אָרעמקייט
פאַרוואַלגערט דעם מאַרק.
אַי־טאַינינאַם, טאַינינאַם.

נישט גוט, נישט גוט אַזוי,
עי, וואָרעם אין כריין!
פון זינגען און דרעמלען
וועט גאָרנישט נישט זיין.
אַי־טאַינאַנינאַם, טאַינאַם.

נעם אַ האַק, נעם אַ האַמער,
זעץ אין הימל אויס שויבן,
וועט פאַלן אין מויל אריין
געבראָטענע טויבן:
אַי־טאַינאַנינאַם, טאַינאַם.

אוי, פויסטן און גראבליעס
איז נישט קיין קליי-ני-קייט,
וואָרים אַ ליד פאַרגייט,
אָבער אַ פּאַטש באַשטייט.
אַי־טאַינאַינאַם, טאַינאַם.

# סאַלוט דעם 7טן נאָוועמבער!

(אַ רויטאַרמייאישער גרוס דעם אָקטיאַבר־יאַנטעף, יאָר 1930
אין נאָמען פון „פּראָלעטפּען")

מי זאָגט אַף אונז:
„געפּערלעכע אַקשאָנים". מיר זינגען אַלע גלייך
און אַלץ דאָס אייגענע.
ווי געפאַנגענע אָדלערס בּייסן מיר די שטייגן
און טוען טאָג־ווי־נאַכט נאָר דאיגען —

ווי אַזוי די שטייגשטאַכעטן ברעכן. מיר
רייסן מיט די ציין, און שרייען אָדלערמעסיג,
דערווײַלע גרייטן מיר די דינע שאַרפע זעגלעך,
וואָס שניידן שטאָל ווי פּוטער. פּלייסיק

אַרבּעט אונזער ראָד און רידל. און ס'גלישעט
אויך די דאָרשטונג נאָך נעקאָמע.
דאָס פּאָנים איז אין פרישן בלוט פון בייטשן,
און וואונדן זענען קיינמאָל נישט קיין שטומע.

מיר טרעטן פעסט דאָס בלאָטע־טייג פון דוירעס
הייסער בּאָרוועס־טריט באַקט־אויס געשמאַק אַ קוכן.
מיר וועלן מיט די טריט דעם סקוטשנעם וועג פאַרברענען,
מיר וועלן מיט די פּויסטנהעק די שטייג צעזעצן.

מיר זינגען בלויז פון קאַמף און אָרעמס מיט מאַזאָליעס.
די לירעס הענגען מיר אַף פּיסקעס פון האַרמאַטן.
יענע וועלכע זינגען איצט פון אייגענע מאַנקאָליעס
גיבּן מיר אין טאַטנס־טאַטנס־טאַטן!

סאַלוט, דיר אויפגאַנג פון דעם נייעם רויטן יאָר!
מיר הויבן הויך פאַר דיר צעריסענע קאַשקעטן;
ווי דונערקנאַל באַגריסט דיך היינט דער רוף—
פון שלאָגבריגאַדעם אַרבעטער־פּאָעטן.

מיר זאָגן קלאָר: מיר זינגען בלויז פון קאַמף,
דער קאַמף איז אונז אין אַלע אונזרע ביינער.
מיר שליידערן דאָס וואָרט ווי שרויט און פלאַם,
מיר צאָלן־אָפּ דעם פיינט מיט שטיין פאַר שטיינער.

צום קאַמף אַרויס, איר יונג און אַלט און יאַטן,
אַראָפּ מיט אַלאַ, קריסטוס און. קאָנפוציעס!
אין רייע מיט די פערצן רויטע פאַקליען
צינדן מיר די לעצטע רעוואָלוציעס.

## מיט פרייד פון זון

מיט פרייד פון זון צעטיילן זיך די שויבן,
מיט וואָרקען און מיט ווערעמלעך צעטיילן זיך די טויבן,
און איך צעטייל מיט דיר, מיין לעכטיקע מויד,
די געפאַר פון צאָלן מיט'ן לעבן פאַרן טויט.

ס'איז זומער אין לאַנד. איידעלע פעטרישקעס בליען,
אין טעלערדיקע טאָלן קומען שטאָרכן צו פליען.
איך האָב קיין פליגל נישט. נאָר הענט שפּרייט איך אויס:
צוויי פלעדערווישן,
און איך פאַל קאַריק אַראָפּ אַף קויטיקן קישן.

אַף צעדרייטן ליילעך ליג איך מיד און אויסגעצערט
און נאָענט אזוי פון אונזער מאַמע ערד!
זום-זום, זומער איז זים, מיין זיסע כאַווערטאָרן.
מיר וועלן זומערצייט האָלץ און נאַפט פאַרשפּאָרן.

מיר וועלן טרוימען רויטע שטאָפן קעגן אויר-האַבויקער,
און לייענען הייסע נייעס אין דעם „דיילי וואָירקער",
און גוט וועט זיין מיט דיר די קורצע רו פאַרלענגערן,
ביז סי וועט דער טאָג מיט קריג פאַרשווענגערן.

אָ, האַלט דיך פעסט, מיין כאַווערטאָרן, אָן די זונענפעדים,
עס קומען אָן, עס קומען אָן אַרמאַדעס ווילדע שיידים.
אין האַנט בא מיר אַ בלאַט איז קלעפּיק-פעט מיט פרילינג,
און איבער אונז די בלאַנקע שווערט איז ווייליק!

## 1931

דאָס איז דאָס יאָר פון גרויסן געשריי,
דאָס איז דאָס יאָר ווען אַלע גרויסע געשרייען, אַרויסגעשריגן
פון הונגער־הייסע נערוון, נעמען זיך צענויף
אין א י י ן גרוים געשריי, וואָס שפּאַלט
די ערד און מאַכט ציטערן די הימלען.

דאָס איז דאָס יאָר ווען באַרוויסע וועלף
און נאַקעטע לייבן קריכן אַרוים פון די נאָרעס,
און נעכט בלישטשען מיט פייערלעך פון אויגן,
און טעג דרעהנען מיט לייבנברום.

דאָס איז דאָס יאָר ווען הייסע ברויזונגען
פון צעגאַנגענע צאַרנגלעטשערס רוקן־זיך
פּאַמעלעך פונם הויכן באַרגשפּיץ, און שלעפּן־מיט
די ווערים־גליאונג און אַלפּנבלימלעך.

דאָס איז דאָס יאָר פון גרויסן געשריי, וואָס קומט פון
מיליאָנען קליינע געשרייען, וואָס גיבן זיך די הענט,
דריקן זיך צענויף, צעפונקן־זיך מיט שאַרפקראַפט
פון שווערדן, וואָס קושן איינס ס'אַנדערע בא די שאַרפן.
דער טויזנטיעריקער גליוורשטאַנד צעגליט אין בלאָגעלן
בלעזלדיקן פייערבראַנד, וואָס פרעסט־אויף
די נאַכט מיט אירע טיפע וואָרצלען.

דאָס איז דאָס יאָר פון אַלמעכטיקן, געקווילעטן געשריי,
וואָס בלייבט שטיין אין לופט ווי לאַווע, פאַרגאַפט
און פאַרגליווערט פאַר שרעק פאַר דער אייגענער קראַפט,
פאַרטאַיעט אַ האַלבע רעגע פאַרן פאַלן.

דאָס איז דאָס יאָר ניינצן-איין-און-דרייסיג, לויט פינצטערן
כעשבן פון יאָרן וואָס ציילעמען בלוטיק די וועלט,
און דאָס יאָר ד ר י י צ ן פונם ליכט וואָס איז פון לענינס לערעם
אויפגעגאַנגען, רויט ווי דער ערשטער אויפגאַנג פונם
ערשן מאָרגן.

דאָס איז דאָס יאָר פון לעצטן געשריי, ווען הענט,
דערוואָרגענע אין שלעסער-קייטן, צעברעכן די שטאָל-רינגען,
וואָס וואַרגן דאָס בלוט אָף געלענקן.
דאָס איז דאָס יאָר ווען גיגאַנטס טרערן ווערן
קערלעך פון באָקסערן, און רעגענען בריאיק אַראָפּ
אָף האַרץ פון פייניקער.

דאָס איז דאָס יאָר ווען הענט שלאַבריקע פון מיליאָנען קנעכט
ווערן פ ו י ס ט ן פעסטע פון מיליאָנען ריזן.
דאָס איז דאָס יאָר פון ערעוו-סאָף, וואָס גייט-אויף
אין בלוטיקע כמאַרעס איבער קעפּ פון צונויפגעלאָפענע
מענטשנמאַסן,
וואָס וואַרטן, אַז אַ דונער זאָל אַ בריל טון מיט זייער קאָל,
און אַ בליץ זאָל אויפרייסן דעם בויך פון פינצטערניש...

## צו אונזערע פּיאָנערן

קינדער, קינדער, קינד און קייט,
שטענדיק, שטענדיק שטייט געגרייט!
דען דיין סוינעס שאָטן גייט,
דען דעם סוינעס שטאַנדאַר ווײ׳ט.

קינד, דו קינד. דו פּיאָנער,
זיין אַ באָלשעוויק איז שווער:
טיר־און־טויערן שטייען אָפן—
טאָרסט אַ רעגע נישט פאַרשלאָפן.

פּיאָנער, דו אַרבעט־קינד,
זיין אַ באָלשעוויק איז גרינג,
ווי ס׳איז גרינג צו זיין אַ ווינט
און צו טראָגן פייער־פינק.

קינדער, קינדער, קינד און קייט,
אַלע אָן שום אונטערשייד;
איד צי נעגער, טערק צי שווייד,
אַלע אַלע שטייט געגרייט!

פאַלט אַ וואַנט, איז מאַכט רעמאָנטן!
שטייט געפעסטיקט אויף די פראָנטן.
מעג עס דונערן און בליצן,
נאָר די פעסטונג מוז מען שיצן.

קינדער, קינדער, קינד און קייט,
פאַר די קאַמפן שטייט געגרייט,
אין די רויטע באַטאַליאָנען,
מיט צעפלאַמטע רויטע פאָנען.

קינדער, קינדער, מוטיק, מוטיק,
ס׳איז דער וועג אַוואַדע בלוטיק,
נאָר פאַרצווייפלען דאַרף מען ניט:
מ׳האָט נאָך בלויז אַ צוויי־דריי טריט!

## אַ „דזשאַב“

.1

ס'אַ לעבן,
שוין איינמאָל אַ לעבן.
דעם גאַנצן טאָג טליקעסטו זיך אַרום
ווי אין הינערפלעט, האַלב שטום
איבער טרעפּ זויער ווי פּאַפּ:
„באָס-לעבן, עפּשער עפּעס אַ דזשאַב?“

„נישטאָ קיין דזשאַבס,
דזשאַבס גאָר!
מ'הערט נישט מיין נאָר: „דזשאַבס, דזשאַבס, דזשאַבס!“
איצט קומען זיי די וואוילע-יונגען און זינגען:
„דזשאַבס, דזשאַבס, דזשאַבס!“
זיי זינגען עס אַריין אין ליידיקע שאַפּס.

פריער איז עס געווען: „יוניאָן, יוניאָן, יוניאָן,
מי דאַרף יוניאָניזירן,
מי דאַרף קלענער פּראָדוצירן,
מי דאַרף זיך נישט לאָזן פאַרפירן,
מי דאַרף פּיקעטן און שפּירן“.
נו, איצט האָט איר אייך.
אַ מ י צ ו ו ע אַף אייך.
אַהן, עך בין מעך ·מעכאַיע!
איצט גייט איר ווי אַף אַ לעוואַיע:
„דזשאַבס, דזשאַבס, דזשאַבס!“
נישטאָ קיין דזשאַבס, באַ מיר אין שאַפּ,
פאַרנעמט זיך פון דאַנען, מיסטער,
אייער בעטן-זיך איז אַן אומזיסטער,

נישטאָ קיין דזשאַבס,
זיך אויסגעלאָזט די דזשאַבס,
ווי אין דרערד אַריין אַלע דזשאַבס !".

.2

ס'אַ לעבן,
שוין איינמאָל אַ לעבן.
דאָס ווייב וואַרט אַף דער גוטער בסורע.
דאָס קינד וואַרט אַף פיש-אייל און קאַנדלצוקער,
דער טיש וואַרט אַף הייסע עסנס.
דאָס טישטוך איז פאַרשעמט און ריין,
און דו אַליין
ביזט מיד, אוי מיד !
דו האָסט גענוג געאַרבעט היינט
בא זוכן אַרבעט, איצט ביזטו מיד—
אוי מיד, ווי מיד דו ביזט.
נאָר לייגן זיך און שטאַרבן.
ווי גרינג איז צו זיין געשטאָרבן,
און נישט דאַרפן זוכן קיין דזשאַבס,
ווען קיין דזשאַבס זענען נישטאָ.
ס'אַ לעבן,
שוין איינמאָל אַ לעבן.

.3

אין דרויסן איז פרילינג-לעבן,
די זון איז זיך זון.ביימער ערגעץ אַפן פאַרם גיבן
שוין אַוואַדע ארוים בליאונג. די פליאונג
פון שפּאַרבערס זעט מען איבערן „ברוקלין-בריק".
עס שמעקט מיט זויערע אוגערקעס און קריפּ,
עס שמעקט פריש, וואַרים ברויט באַם בעקער,
עס שמעקט מיט פייערלעשערס גלעקער !
וואָס איז דאָ צו ריידן ? דאָס אַפּריל-
ווינטל גייט אַף דעכער אַ קאַדריל.
(אַף דער פאַרם ערגעץ אין קאָנעקטיקוט
שפּילט אַוואַדע שוין באַנאַכט די גריל)
בא דיר אָבער ליגן ליידיקע די הענט

(אַזוינע האַרטע, גוואורעדיקע הענט!)
באַ דיר אָבער ווייַנען ווילגאַט-ווענט.
(אַזוינע גרויע און געטרייע ווענט!)
אָך, איז דאָס אַ לעבן אין דעם ניו יאָרק!
קיינער גיט נישט אַ טאָג אויסצערונג אַף באָרג,
קיינער באָרגט דיר נישט קיין ניקל.
כאַטש נעם און הענג דיך אויף אַ צוקערשטריקל.
ס׳איז לעבן,
שוין איינמאָל אַ לעבן.

4.

נו, וואָס׳זשע טוט מען?
נו, וואָס׳זשע טוט מען?
מי טוט אַזוי, כאַוווער לעבן:
מי גייט אַרויס אין גאַס און מי שרייט:
„לעבן! לאָזט אונז לעבן!
מיר ווילן לעבן!“
מי נעמט די הענט, וואָס ליגן שטום און גאָל,
הענט אַזוינע, וואָס זענען האַרט ווי שטאָל.
מי הויבט זיי אויף אַף סוינעס קאָפּ
און מי לאָזט זיי קריק אַראָפּ.
ווערט שוין געלט און גאָלד און שויטן,
ווערט שוין לאַנגע, פרישע ברויטן,
ווערט שוין אַרבעט, ווערט שוין דזשאַבס,
אין ליכטיק-ציכטיקע שאַפּס.
דאָס איז פּראָסט, דאָס איז אַלעפּביים;
פון באָרן-זיך ווערן קאַלטע פויסטן—היים.
טאָ וועק דיך אויף, דו אַרבעטער, און שלאָג צום שווערט
די אַלע וואָס פאַרדאַרבן דיר די פרוכט פון דרערד!
דעמאָלט וועט זיין,
אי זון, אי וויין,
אי גליק, אי פרייד,
אי ברויט, אי קלייד.
און דאָס לעבן וועט זיין
אַ לעבן,
שוין איינמאָל אַ לעבן.

## ניו יאָרק פון דער הויך

„זע דיר אָן ניו יאָרק פון דער הויך!" אַזוי זאָגט אַ רעקלאַמע,
„ווערסטו פאַרקישעפט ווערן פון דער געוואַלטיקער פּאַנאָראַמע".

נאָר מיר איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען באַטראַכטן ניו יאָרק,
ווי מי באַטראַכט אַ טשייניקלאָזעט וואָס מ'נעמט אַף באָרג.

איך בין אין ניו יאָרק פאַרנומען מיט ברויט און אַרבעט
און דאָס האָט מיר מיין פיינעם גוסט צעשאַרבעט.

אַז איך הויב אַמאָל אויף די אויגן צו די העכסטע דרענגן
זאָג איך צו מיר: „אַלוואַי איך זאָל דאָרט אַמאָל נישט הענגען!"

(עס האָבן שוין אַזאַ טעווע די וואָס כליאָבן אונזער רויטע יויך
צו הענגען אונז ווי פּאַנען אין דער הויך!)

איך גיב מיך נישט אָפּ מיט אַזוינע זאַכן, ווי אַ שטייגער—
צו מעסטן מיין שפּאַציר לויטן זינגערטורעם-זייגער.

צו זען די וועלט דורכן פּאַקעל פון דער ליבערטי-סטאַטוע —
דאַצו בין איך, האַפּאַנים, אויך נישט ראָע.

טוריסטן אָבער האָבן ליב צו זען ניו יאָרק פון וואולוואָרטס
העכסטן טערם,
צו זען די מענטשן אונטן קליינע ווי די ווערים;

און זיך אליין צו זען גאָר וואַזשנע, וואַזשנע הויך—
דאָס גיט האַפּאַנים צו דעם לעבן כיין און קויעך.

מיר אַליין איז איינמאָל אויסגעקומען, איר מעגט הערן,
אַנצורירן שיר־נישט מיט מיין לאַנגער נאָז—די שטערן.

ער איז געווען אַפן העכסטן שטאָק פון העכסטן הימלקראַצער.
און איך בין דאָרט געווען—אַ פענצטער־פוצער.

ס'איז שיין ניו יאָרק, אַוואַדע שיין דער ווייטער „פויגלבליק" !
(און איך בין דאַן נאָך נישט געווען קיין באָלשעוויק.)

דער וואַש־לאַפּן אין האַנט טוט ציטערן. דאָס האַרץ אַ ברוין שטיק דרעליעם.
און אַנגסטן שלאָגן אויס אַף מיר אין צען קאַפּעליעס.

פאַרפעסטיקט מיט צוויי רימענדלעך צו האָקנס בא די פענצטער—
קומט מיר פאָר, אַז אין ניו יאָרק בין איך דער סאַמע קלענצטער.

עס וויינט מיין נאַסער לאַפּן. ווינט הייבט מיין לעדערנע שאָרץ,
און אונטן ווינט אַ שיף און נעמט ארוים דאָס האַרץ.

אוי ווי עלנט איז אַ מענטש אַף זימסן פון אַ העכסטן שטאָק !
און גרינג אזוי ! אינגאַנצן אָן געוויכט, אָן וואָג.

אַ פינטעלע אַ קליינס, פאַרלוירן ווי אַ פלוי אין יאַם,
פון „פאַרק ראָו" גרייכט אַהער אַ טויטער טאַראַראַם.

די פיר־אַזייגער זון—אַ בעלמע אַף אַ מערדערס אויג.
די גאַנצע ערד—ליוויאַסנס סאַמאַמאָוועס־רויג.

עס שעלט מיין האַרץ די אַלע דיכטער וואָס זעען בלויז פון פענצטער אינעווייניק—
די שיינקייט פון אַ שטאָט אַזוי קאַלט און פרעמד און שטייניק.

אף וואולוואָרטס טערם מיט „פעיל“ און „רעג“ אין האַנט—
עס זעט גאָר אַנדערש אויס די שענצטע שטאָט פון לאַנד!

דאָ רעדט דער טויט מיט ליפּעלעך פון בלאָען שאַרפן ווינט,
און וויגט אייך נאָך דאַביי ווי איינער וויגט אַ קינד.

און ס׳איז קיין כידעש נישט, וואָס דאַווקע אָט דער הויכער פויגלבליק—
מאַכט אַמאָל אַזאַ ווי איך—פאַר באָלשעוויק!

## אין קריג קעגן אימפּערקריג

(ניו יאָרק, 1טער אויגוסט, 1930)

.1

רערן פון רעוואָלווערס קוקן אונז אין שלייף אַריין.
דורך אייגעלעך פון אַ גראָבן סוקענסין.
עס שמייכלט ווי אַ נעזל פון אַ נאַפּקעס מאָפּס
אפן דאַך דאָרטאָ אַ ביקסמאַשין.

אַנטקעגן אונז אַ באַנק פון פינעף שטאָק.
שרייט מיט שילדשריפט: „פּראָצענטן פיר־דרייפערטל"
מיר קוקן דאָרט אַהין און שמייכלען קרום,
עס גיט רעוואַנש דאָס ביטער האַרץ אַ צערטל.

אָה, בלוטיקע פּראָצענטער! מיר צאָלן העכער נאָך;
ס'איז פּעליק היינט דעם האָרעפּאַשניקס וועקסלעך.
מיר צאָלן זייער קראַנט. מיר צאָלן אויג פאַר אויג.
מיר צאָלן יעדן כּיווּ לויט לענינס טעקסט נאָך.

דער טאָג קומט אָן אף קרומע אייזנפּיס,
די זון איז אָנגעגליט ווי רויטע בלעכן,
מיר שיטן זיך אַרויס צו יוניאָנסקווער
פון קאָלערליי פּראָפעסיעס און צעכן.

דרייסיק טויזנט שטאַרק זיך פּרעגלען אינם ברען
פון רויטן וואָרט אף רויטע גאַסן,
פאַרציטערט אין אַ ליבשאַפט אַזוי טיף,
פאַרגליווערט אינם טיפסטן האַסן.

מיר שלאָגן־אָפּ די היץ מיט אונזער היץ,
און פּלאַסטערס זון מיר לייגן־צו צום האַרץ,

אַ וואַלד מיט פאָנען, לאַזונגען און קעפּ,
שטורעם וויגט אונז ווי אַ וואַלד אין מאַרץ.

מיר קומען קעגן קריג צו פירן קריג,
און פעלזנמאַסיג ווערט דאָס יאָכיד-זאַמד.
„קיין סענט פאַר אימפּערקריג, די אַרבעטלאָזע—ברויט!“
דאָס רעדט פאַר אונז אַ רויטער טראַנספּאַראַנט.

אַ פּיאָנער, אַף האַלז אַ רויטן שאַרף
וואַרפט שאַרפע רויטע רייד צום רויטן שאַרף;
ער צילט מיט אויג און ליפּ. די יונגע פויסט
ווייזט אַקוראַט אַהינצו וואו מ׳דאַרף.

עס רירט זיך מאַסנקלאַס. דער קלאַסנהאַס
ער שאַרפט זיין לאַנגע לייכטנדיגע שווערד.
אנטוואַפנט ליגט אין פאָסע דער פאַשיסט,
צעבלוטיקט ליגט דער רייטער און זיין פערד.

עס שילט פּלאַקאַט. עס שרייען מויל און אויג
פון הונגעריקע, אויסגעצערטע האָרווער;
בלויז קלייען-ברויט עס גרייט פאַר אונז צום טיש
דער הואווערשער וויסטער סארווער.

ווי היים דער טאָג! ס׳העמד קלעפּט טריי צום לייב,
דאָס לייב קלעפּט טריי צו זון און מענטש און ערד.
און עפּעס אַזאַ העלער הייסער דאָרשט
נאָך מערער ליכטיקייט ער צערט און צערט!

עס קוואַלט פון שטערן זאַלציק-הייסער שוויים,
ריטשקעס רינען פון באַוואַקס׳נע בריסט.
עס וואַרגט זיך שיר מיט זיין אייג׳נעם שפּיי
קורצנאָזיקער, דערשראָקענער פאַשיסט.

דער סקווער איז פול מיט לידער ביז צום אויג,
דאָס אויג איז פול מיט נייע רויטע סקווערן;

אין שוואַרצע אַפּלען בלישטשען בלאַנד און בלאָ
די בלאַנקע דינגעדאַנקלעכע געווען.

אָ טאָג פון טעג, ווען נייעס קומען היים
פון כינעם רויטבאַקראַנצטע זיגן!
אָ ווער האָט צייט איצט טרייבן פון געזיכט
די לעצטע איינגעשפּאַרטע פליגן?

מיר לייענען אונזער בלאַט און אפן הארצן ווערט
גוט אַזוי און ווייך אַזוי ווי סאַמעט.
און עפּעס אַזאַ קילער ווינט קומט־אָן
מ׳ווייסט גאָרנישט: פון וואַסער, צי פון וואַנעט.

טשאַנגשאַ פאַלט. און רייכעם גייען־אויף
פון קופּעם מיט פאַרפוילטע מאַנדאַרינען.
עס ווישט דעם שווערן רייאָך אָפּ
דער צווייט פון כינעם רויטע אַפּעלסינען.

אָ, ווייטן פון דער וועלט, קומט נענטער, קומט!
קום נענטער אינדאָ־כינע און אַפּגאַן.
פון פּעשאַוואַר ביז בוקאַרעסט
מיט פליגלען פּאַטשט דער לענין־עראָפּלאַן.

אָ, האַרץ, דו וועלט! שטיי אויף, דו לאַנד,
קום זען דאָס ביטער גרויסע בלוטיק וואונדער:
דורך פעלדער פעט מיט האָניק און מיט מילעך
שטאָלפּערט אום דער דאַרער, לאַנגער הונגער!

.2

זיי קענען פּאַנפן אַף פראַנצויזיש,
און קענען אַף לאַטיין דעקלאַמירן.
נאָר מיר דאַרפן אַף ניינציק קאַפּאָרעס
די אַלע געפּוצטע מאַנירן,
מיר לאָזן זיך פון זיי נישט פאַרפירן.

ס'איז פאָלג מיך אַ גאַנג צום גאַניידן.
און פאָלג מיך אַ גאַנג צו יעהאָווע;
מיר לעבן אַף ברויט און אַף אייזן
און מיר האָבן דאַפון האַנאָווע,
מיר דאַרפן נישט קיינעמס נעדאָווע.

ס'איז פויל און ס'איז הויל און ס'איז ליגן.
דער ליגן פאַרבלענדט לעגיאָנען.
נו, לאָמיר דעם כוישעך פאַרלעשן
מיט אונזערע ליכטיקע פאָנען,
וואָס פלאַמען ווי בליאיקע מאָנען.

דער בירגער קייט וואַטענע ווערטער,
און טאַפּט זיין געליבטע גאָר צערטלעך;
נאָר שלאָפן אין טפיסע איז האַרט.
אוי, זענען די בעטלעך דאָרט האַרטלעך!
די נאַכט טראָגט אָן אייזערן פאַרטוך.

די נאַכט איז אַ פולע, אַ דולע,
און שטערן אַ טוץ פאַר אַ פעניק.
די אידישע דיכטער באַזינגען
דעם הימלישן בלאַסן ווארעניק.
מיר פלאַמען ווי בערגעלסאָנס „פעניק“.

אַ נאַכט פול מיט בלינדע כידושים!
אַ נאָפּל פון נאַכט אין גהעטאָ!
אַף שאַרפן פון שפּיציקע שאָטנס
בלוטן נאָך סאַקאָ־וואַנזעטי,
אָ, בלוטיקע שאָטנס איר פעטע!

אָ, פינקלט פאַרטונקלטע פלעקן!
אַף שווערדן עס פאַלט נישט קיין טרערן.
מיט שווערדשפּיץ מיר קריצן אַף אייביק
די נעמען פון פולער און טהעיערן.
מיר הויבן די פויסטן און שווערן!

דער הונגער באַווייזט שוין זיין פּאָנים
באַדעקט מיט געפּערלעכע נ אַ ר ב ן.
ווען ער גלעט—דער מוז דאַרבן
ווען ער קושט דער מוז שטאַרבן.
אָ, פעלדער מיט בלוטיגע גאַרבן!

סוינעם סקאַדראָנען מיר וועלן
מיט בליציקע שווערדן טון גאַלן.
מיר וועלן מיט שווערט און מיט פייער
פאַר שווערט און פאַר פייער באַצאָלן, —
אָ, פראַכט פון פילפלאַמיקע שטאָלן!

## מען וועט טיילן דעם אייזקרים *)

סי וועט שוין לאַנג נישט דויערן
יוראַנאַר
מוירייננ.
מיר וועלן צעטיילן קאמפּאַטן!
דאָס אַרבעטערפאָלק און די פויערן,
וועט פרעגלען אין זיסן און זויערן —
אַ מאַלצייט אין רויטן פּאַרקנאָטן.
יוראַנאַר,
מוירייננ.
אַ סודע אַ שיינע
מיר גרייטן דיר צו.
ווי סי פּאַסט פּאַר דיינס גאַטונג:
אי רייך אי געשמאַק
ווי פּאַר וורענגל-קאַלטשאַק.
מיר גרייטן שוין צו דעם אייזקרים.

עהע, וועט דאָס זיין אַ ביסל אַ קערמישל!
דיין נאַפּקע פון טעקסעס וועט הויבן אַ פּיסל.
דיין לייבגוואַרדיע וועט קנאַקן אַפּטריט-וויצן,
און אונזערע סאַרווערס וועלן אויך ליידיק נישט זיצן.
מ'וועט אַלצדינג דערלאַנגען צום טיש מיט אַ קנאַק,
מיט אַ הי און אַ האַ און האַפּטשיקטשאַק.
עי, סאַרווערס, איר רויטע, שטעלט גיכער צום טיש,
אי לעבערלעך פּעטע, אי היימישע פיש!
און לעקעך ווי פייער, און בראַמפן ווי בלוט,
עי, כעוורע, נו, רירט זיך, דינט אָפּ און ווערט קוויט
עכ-האַ, און אַ פריילעכס זאָל געבן אַ סקריפּ!

---

*) אַ דעלעגאַציע פון אַרבעטלאָזע איז פון ני יאָרקער בירגערמייסטער מר. וואָקער אויפגענומען געוואָרן מיט דער כאָכמע „נו, ווען וועט'ן טיילן דעם אייזקרים?"

מיט אַ הי און אַ האָ און אַ זיבעטן כליפּ.
אָף טיש און אָף בענק
אָף קעפּ און אָף טעלער
נו, גיכער, נו, גיכער
נו, יאַטן! נו, שנעלער!
מי וואַרט דאָך, מי וואַרט דאָך אַף אייזקרים!

יוראָנאָר.
מויריינו.
מיר פאַרבעטן דיך זייער,
דיך און דיין הוּאוועֶר
דיין פולער און טהעיער!
צו פאַרשפּיל און כופּע און אויך שעוועבראַכעס—
פאַרבעטן אייך ליבלעך די וועלטבאַלמעלאַכעס.
מיר שטייען ווי קעלנערס געבוקט ביז אַרונטער,
מיט קוכנס פון פייער און צימעס פון צונטער.
עי, סאַרווערס אין רויטן, פאַרשמייעט ביז גאַר—
עי, טוט נאָר אַ קוק און ווערט נאָר געוואָר:
ווי גייט עס די געסט דאָרט? צי אַלץ איז געגרייט?
נו, גוט, זאָל מען עסן געזונטינקערהייט!
אַ ווייקשעפּל יויך,
און אַ מאַרכביין פעט,
(זיי זענען געוואוינט דאָך
צו מענטשן־קאָטלעט!)
אָך סאַרווערס, אָך סאַרווערס—דעם אייזקרים!

יוראָנאָר דזשים־וואָקער־מארי־אנטואַנעט,
דיין וויץ איז געקומען אַ ביסל צו שפּעט.
דו הונצוואַט דו איינער, דו וויסטע קאַנאַליע,
מיר גייען אַף דיר, ווי אַף שפּענדל די כוואַליע.
מיר שאַרפן די נעגל די נויט צו צערייסן,
מיר שאַרפן די ציין די קייט צו צעבייסן.
און בלוטיקט די צונג,
און זאַלציקט די וואונד—
דאָס מויל אָפּגעווישט,
ס'איז גאָרנישט־מיט־נישט.

מיר שטייען צעבויטעט
ווי יאַם נאָך אַן ערדנרים,
מיר שטייען פאַרן רויטן
סכאַרברים!
דאָס בלוט אַף די טרעפּ פון סיטי האָל
שרייט מיט גאָרגלדיקן-הייסן קאָל:
איר זאָלט נישט פאַרגעסן,
איר טאָרט נישט פאַרגעסן,
וואָס מ׳גרייט אייך צום טיש
ווען איר פאַרלאַנגט עסן!
בליי איבער מויל,
און בליי איבער קאָפּ,
און גומיבייטש יאָגט
פון שטיגן אַראָפּ.
נו־יאָ, נו־יאָ, מיר וועלן אַלעמען אָפּדינען אין פריידן,
פאַר אונזער פאַרגאָסן בלוט, פאַר אונזערע ביטערע ליידן.
און נאָכדעם ווי מיר וועלן דעם מידאַסאַדין
אַפן דלאָן אויסציילן,
וועלן מיר זיך נעמען אונזערע ליבע געסט
דעם אייזקרים טיילן.
אוי, וועט מען טיילן אייזקרים!

## טענקסגיווינג?

אַזוֹאַדע וואָלט אייך בעסער באַקומען דער פּרעסונזויף
ווען מיר זאָלן פאַר אייך ליגן מיטן בייליק אַרויף,
זיך קלאַפּן קאָפּ אין שטיין פון אייערע טעמפּלטרעפּ
און אָפּגעבן לויב צו אייך און אייער „גאָט"!

אַוואַדע האָט איר ליבערשט די טויב ווי דעם פאָלק,
ווייל די טויב איז מילד, און שטרעקט ס'העלזל צום שעכטער,
און איר פלייש איז זיס צום גומען.
דער פאָלק אָבער האַקט מיט נעגל און שנאָבל ביז בלוט,
און ער לאָזט זיך נישט פאַנגען.

אַוואַדע האָט איר ליב צו זען דאָס הייסע בלוט
יאָגן פון אונזערע ווינדן,
ווען כלינעניש פון געלער דאַנקבאַרקייט
שוימט אַף בייטש-צעהאַקטע ליפּן.

אַזוֹאַדע וואָלט נאָך געפּאַסט, אַז מיר זאָלן, לויט אייער גוסט,
פאַלן אייך צו קלעצלדיקע פיס,
פון דאַנקבאַרקייט וואָס איר
לאָזט אונז לעבן, אָטעמען און האָרעווען פאַר אייך,
און מאַכן קינדער
וואָס זאָלן לעבן, אָטעמען און האָרעווען פאַר אייך.

אַוואַדע וואָלטן מיר בעדאַרפט זיין דאַנקבאַר
פאַר די אינדיקעס געבראָטענע, וואָס איר שטאָפּט אין זיך,
פאַר די טייערע געוואַנטן וואָס מיר וועבן און—איר טראָגט,
פאַר די געשמאַקע ברויטן, וואָס מיר אַקערן, זייען און שניידן,
און מאָלן און קנעטן און באַקן—פאַר אייך!

אַוואַדע וואָלטן מיר אייך באַדאַרפט זיין דאַנקבאַר
פאַר די טליעס, וואָס איר שפּיגלט־אויס
מיט אונזערע פאַרגליווערטע אויגן,
פאַר די געפענגענישן אין וועלכע איר לאָזט אונז אויסגיין,
פאַר די גאַזעטן מיט וועלכע איר פאַרסאַמט אונזערע מאַרכצעלן,
פאַר אונזערע קינדער, וואָס שלייפן פון זייערע טרערלעך
גאָלדענע פּאַטשערקעס פאַר אייך,
פאַר דעם הונגערוואָלף, וואָס איר האָט אָנגערייצט אַף אונז
אין מיטן פון בערג מיט מילעך און האָניק,
פאַר די בלייען, וואָס איר שיסט אין אונז אַריין—
ווען מיר קומען זיך צענויף און מיר שרייען מיט די פויסטן
אין דער הויך:

— ברויט!
— אַרבעט!

אַוואַדע פעלט אייך מער נישט צום סאַדיסטיש רומל
נאָר מיר זאָלן זינגען הימנעס אייער „פאָטערלאַנד“
פאַר דער „אָרדענונג“, וואָס איר האָט צוגעטשעפּעט
צו דער פלייצע פון אַרבעטפאָלק,
ווי אַ טאָרבע טויטע ביינער!

נאָר עס איז אייך נישט די פאַר־אָקטאָבער יאָרן, מסיודאַהמס!
דער באָלשעוויק האָט אונז געלערנט ווי אַזוי
מיט ביקס אין האַנט צו זיין אומדאַנקבאַר אייער קלאַס,
און יעדער טאָג וואָס מיר זענען בא אייך אין גאָלעס
איז באַ אונז אַ טאָג פון אומדאַנקבאַרקייט.

וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, דזשענטללייט,
ווי אומדאַנקבאַר די הונגערשטאַרבערס קענען זיין —

ווען הונגער רייסט די קישקעס ווי מיט נעגל!
וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, פּאַנאָוויע,
מיט וואָסער טויטער אומגעדולד
מיר וואַרטן אַף דער מינוט אַרויסצעווייזן
ווי אומדאַנקבאַר דער לייב, איז
דער פליג וואָס גריזעט אים ס'אויג,
בעיים ער ליגט אין הינערפּלעט...

## וואָס אַ רויטאַרמייער האָט ליב

מיר האָבן ליב פאַרשייטע מיידלנעזלעך,
די וואַרימקייט פון לעקטרישע גלעזלעך,
דעם פרישן וואָל, דעם וואַרעמען לייַן,
(מיר קומען דאָך אויך נישט פון קיין שטיין!)
נאָר סירענע שאַלט שוין אינעם שטורעמהאַפן:
„שטייט־אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפן“ —
עס וואַרט די רעוואָלוציע!

מיר האָבן ליב דעם רויש פון האָבערפעלדער,
דעם רעגנבויגנס וואונדערלעכע טרעלדער,
די פיינע קילקייט פון אַ זומער־האָגל,
דעם צינגלציטער פון אַ גאָלדשמידס וואָגל.
נאָר ווי לאַנג עס שטאַרבן אַרבעטער פון הונגער,
זענען מיר די טרעגער און די זינגער —
פון דער רעוואָלוציע.

מיר האָבן ליב די זאַפטיק־זיסע ערד,
די פינע פון ניאַגאַראַ וואַסער־פערד.
די וועלט איז שיין — געשיידיקט מעג זי ווערן!
האָט פרויען, פעטרישקע און שטערן,
נאָר נישט פאַר אונז פאַרכלינעטע צו ווערן —
ערעוו רעוואָלוציע.

די קעבס־פאָעטן בראָסטן זיך אַף ווייכע זאָפעס,
און געניצן מיט אויוווערבאָטלע בראָכעס,
נאָר אונזערע נאָגט דער גראַם פון קוילנוואַרפער,
דער ראַפּטער סטיל פון אַ שווערד אַ שאַרפער.
וועמען ליגט דער ליריק־כלאַם אין זינען?
ווי יאַגוּאַרן שרייען מיר מיט ווילדע שטימעס —
און וואַרפן זיך אין שטראָם פון רעוואָלוציע!

## צו די וואָס ווערן געפּייניקט פון דער פּוילישער דעפּענסיווע

מיר דאַ־הי, אין די נידריקע גאַסן פון אַמעריקע,
וואו דער הונגער בייסט אונז מיט די ציין,
האָבן מיט פאַרביסענע ציין געלייענט דיין בריף, רוטאַ.

דיין בריף פון פּוילישער טפיסע, וואו מ׳האָט דיך
ווי אַ שאָף געבונדן אַף אַלע פיר, אַ דרענגל דורכגעצויגן,
(דיך אַזוי אויפגעהויבן אַפן טיש פון פאַרבלוטיקטן דיל)
און דיך געגוואַלטיקט.

מיר האָבן געלייענט וועגן די כּאוויירים וולאַסיאַ פּאַסטאָוויטש,
רעיזנהאָף, בילאַווקאַ און אַנדערע
וואָס מ׳האָט זיי געשלאָגן איבער די מאַן־גלידער מיט
גומענע שטעקנס.

און דאָס האַרץ האָט זיך איבערגעקערט אין אונז.
און די צוויי אייגענע הענט האָבן זיך שיר אליין צעריסן
אַף שטיקער,
פון צאַר און פון צאָרן און פון בושע.

מיר האָבן געלייענט וועגן יאַן קאָזאַר, וועמען מ׳האָט
די אינגעווייד צעשמעטערט,
און אַ ברייטע, בלינדע סינע ווי אַ גרינער גאַזוואָלקן
איז געקומען איבער אונז דאַ־הי, וואָס ליגן
מיטן אויער צו דער וועלט פון יעסורים,
און מיטן האַרץ צו דער וועלט פון אויפגאַנג,
און דער לעצטער שלאָף האָט זיך אָפּגעטאָן פון אונזערע אויגן.
און ס׳לעצטע ביסל וואַסער איז ביטער געוואָרן אין אונזער מויל.

וואָר איז: מיר זענען דאָ־הי אַליין הונגעריק און
פאַרמוטשעט, רוטאָ.
די פעטע ערד פון אַמעריקע זעטיקט זיך מיט אונזערע קנאָכנס,
די טורמעס זעטיקן זיך מיטן שיין פון אונזערע אויגן,
די פּאָליציי־שטעקנס זעטיקן זיך מיטן מאַרך פון אונזערע
שאַרבנס.
און כאָטש מיר אַליין שטייען דאָ ביז די קני אינם פייער
פון די שייטערהויפנס, וואָס די הייליקע און גאָלדענע זקיינים,
צינדן פאַר אונז —
דאָך פאַרגעסן מיר אָן אייך נישט, טייערע;
מיר פאַרגעסן נישט די מאַרטירער אונזערע,
וואָס ליידן די דריבנע יעסורים פון טאָג־טעגלעכן טויט,
מיר פאַרגעסן נישט אָן אייך, איר בילאָוואָס,
רוטאַס, בערטאַס, רעיזנהאָפס, וולאַסיאַס,
פּאַסטאַוויטשעס, מאַריאַס, יאַן קאַזאַרס!

אַז מיר זעען דאָס גרויסע ליכט לייכטן
פאַרגעסן מיר נישט די אין־פייער־געזאַלבטע קנויטן
וואָס שטאַרבן—קעדיי אונז זאָל זיין ליכטיק!

דאָס האַרץ איז וויליק, כאַווײרים, נעקאָמע צו נעמען,
נאָר די הענט זענען היינט נאָך צו ווינציק
און איינציק־צעזייעט.
נאָר וויסן זייט וויסן, כאַווײרים, געפאַנגען אין שטיינענע
שטייגן—
פון פּוילישע טפיסעס,
זייט וויסן אַז הינטער די גראַטעס די בלינדע
וואָס גריזשען די טעג אין די טורמעס—
עס קלויבט זיך די זון אַף די האַרטע און מאַסאָווע פויסטן
און עס וועלן אינגיכן די פינגער—טשוהונענע באָקסערס—
צעקנאַקן ווי שאָלעכץ פון ראַקעס די רוקנס פון וויסטע
טאַליאָנים.

נאָר וואונדן וואָס ברענען, ווי אײערע, פריש נאָך
קען מען מיט ווערטער־ווי־באַלזאַם נישט היילן.
איז וואָס־זשע צו טוען —

אַז הענט זענען היינט נאָך צו ווינציק
און איינציק-צעזייעט?

זאָל שרייבן דער כאַוועד וואָס זיין פאַך איז צו שרייבן,
און זאָל ער אין לידער ווי גליאיקע אייזנס פאַרקריצן
פאַר קומענדיע רויטע אַרמייער,
די נעמען פון אונזערע נויגשים אין פוילישע טפיסעס:
טקאַטשיק, זאַרעמבאַ, וולאַדזאַ קאָסטעצקי, פּיטאַרסקי
און אַנטאָס מולאַוואַ.
און זאָל פוילנס טשעקאַ מיט ביקסקויל פאַרמעקן
די נעמען, וואָס דאָ איז געגעבן,
און אייך די געמאַטערטע, אַלע כאַווײרים אין טורמעס
מיר גיבן אַ ניידער, אַ שוואוע, באַ ברויט און באַ אייזן
אַז מיר וועלן דורך פלאַם און דורך בלאָטע
דערגרייכן די וועלט צו דערלייזן.
מיר וועלן אין נאַקעטע, באָרוויסע הונגער-סקאַדראָנען
פאַרטרינקען דעם סוינע אין יאַמים פון פלאַמיקע פאָנען!

## קראַפט

דאָס אייזן שרייט אַריין אין אונזערע גלידער ;
מעטאַל — די ניר, די לעבער און די לאַבעס ,
מיר רוישן אין דער הויך און אין דער נידער —
אונזער פונדאַמענט אַף שטאָלערנע שטאַבעס.

וויברירן מיר מיט רירעוודיקע שפּיצן,
און ניבן־נאָך ווי וואָלקנקראַצער טורעמס ;
איבער אונז עס גייען בלאָע בליצן,
אָבער אונז עס בייגט נישט אין דער שטורעם.

עס זינגט אין אונז דער אייזנרויש דער גלאַטער,
עס לוידערן און גליען גלאַטע פּלאַנקען ;
ד'ער שטויב פון שטאָף—וואָס אַרט ער אונז. וואָס שאַט ער ?
מיר זענען האַרט און היים און בלאַנקען.

מיר האָבן ניקל־נעז און קופּער־שפּינדער,
עס שלאָפט אין אונז דער קויך צו טייטן און צו שאַפן ;
איר קוקט אונז אָן : שטילע אייזנרינדער,
וואָס קענען קייען מעש און—לאַכן.

מיר זענען שיין מיט נוץ, מיט פעלזנהאַרטן דויער,
פון שטערן און פון אייביקייט דער שווינגען,
עס נעצט ווי אייל אַף אונז דעם בירגערס טרויער
און רעגט אונז אָן צו מונטערדיקן זינגען.

פון אונז שלאָגט פאָרכטיקייט און גליק און איימע,
און פויסטן הודיען אין צערייצטע רייד ;
ענערגיע רינט פון אונז ווי שפּייעכץ פון בעהיימע ;
דאָס לעבן לאַכט אין אונזער אינגעווייד.

מיר זענען איינגעטונקען טיף אין פונקען
ווי אַ טראַם וואָס ברענט אין מיטן לויפן.
מיר זענען אין עלעקטרי-ליכטיקייט דערטרונקען,
מיר זענען פליענדיקע-גליענדיקע שרויפן.

מיר זענען לויט נאַטורגעזעץ עלאַסטיש,
נאָר נישט מיט ווייכן נויג ווי זאַנג פון קוקורוזע,
מיר זענען ווי גיגאַנטן גרויס און הויך און האַסטיק.
אונזער ניאַגאַראַ וויסט נישט פון קיין שליוזעס.

אַ וויזער שווידערט-אויף מיט ווינשאַפט-אַבראַיעס.
מעסט דעם בלוט-דרוק אָפּ פון שטאָל-און-אייזן;
עס איז אויסגעציילט דער אָטעם, די אוואַיעס,
און סייכל קוואַלט פון אַלע שרויפן-דרייזן.
די קראַפט טוט גליען אין אונזרע קנאָכנשלעסער,
פוגעס שליסן-זיך און רוישן ווי אַ רעגן;
פון יעדן אָנשטויס ווערט די קראַפט נאָך גרעסער,
מיר שיידן זיך—נאָך הייסער צו באַגעגנען.

אָ, היט זיך איר, וואָס טרייבט-אָן די מאָטאָרן—
פון אונזער גייסט און גוף און לייב און לעבן;
עס פּלאַצט אין מעשפּאַטראָן דער בלאַנקער צאָרן,
און פוסטע האַנט זי ווערט אין ראָד צעריבן.

## נאַראַיעוו—אונטער אַ רויטער פאָן

.1

לעבן אונזער הויז שטייט אַ בוים מיט ווײַנשעלעך,
סאָף־זומער רייסט מען זיי אין אַ קײשעלע.

מ׳טראָגט אַרויס אַפן מאַרק ס׳ביסל ווײַנשעלעך
און מי לייזט דאַפאַר אַ פּאָר רײנישלעך.

איצטער בלײַבט שטיין נאַקעט אונזער סײדל,
אויסגעפּוצט מיט בושע—ווי אַ קאַלע־מײדל —

וואָס דער כאָסן איז איר פונם בעט אַנטלאָפן,
און זי אַליין האָט שוין מער אַף גאָרנישט וואָס צו האָפן.

איצט קומט דער שניי. שטיל, מ׳הערט אים קוים—
דעקט ער צו מיט ווײַסער בערנפעל דעם ווײַנשל־בוים.

נאָר דער קראָ, דער גרילצנדיקער קאַסן.
שרייט פונקט ווי מ׳וואָלט דאָ שטײפע לײוונט רײסן.

.2

די קלויזן און די קלויסטערס—פון אַלע הײזער העכער,
זיי פעכלען צו דעם הימל מיט אויסגעפּוצטע דעכער.

נאָר אונזער שטוב, איז קליין און נידריק און געפאַלן,
אַף דעם שטרוידאַך זעט מען זײפנבלימלעך וויאַלן.

דוירעס זײַנען דאָ געבוירן און פאַרלוירן,
אָנגעשוואָלן לײם גיט די ווענט פיל אויערן.

וואָס־זשע האָרכט די וואַנט, אַז ס'לעבן דאָ איז טויב?
וואָס־זשע זעט דער טאָג אַף גרינער בלינדער שויב?

דאָס לעבן דאָ איז אַלט, און זים מיט לעקעך־שימל:
אַף גלעזערענער ערד—דריקט שטיינערענער הימל.

אַפּן שפּיץ פון באַרג מ'זעט דעם טאָג זיך קרישן.
אַ שטאָלצער האָן שפּאַנט־נאָך זיין העלן לישן,

אָ, מאַך דיין אויג צו, שטעטל; אוי, ליוליונקע נאַראַיעוו,
אין מויליק בלאַט פון בוך ביז רויטן טאָג פּאַרטאַיעט!

.3

אַז איך טראַכט פון מיין שטעטל, פון נאַראַיעוו,
איז דער קלאָרער סייכל מיר מיסכאַיעוו—

אַז מיסט איז מיסט — אַפילע מיט טראַדיציע,
און ליבהאָבן קען מען נישט מיט קיין עקזעקוציע.

האָב איך מיך טאַקע פונם שטעטל אָפּגעשניטן,
און האָב אַפילע דאָ מיין נאָמען איבערגעביטן.

נאָר אַמאָל אַז דערכגעברענט אין רויט געוויטער
וועט זיין נאַראַיעוו און פּיטיטער,

וועל איך קומען ווידער צוגייען צום „טוליעבאַרג",
וועל איך קומען צוגייען צום „ווערביוווער מאַרק"—

וועל נעמען נאָטיצן און פאָטאָגראַפישע בילדער.
כ'פאַרהאָף דער טאָג וועט זיין אַ שיינער און אַ מילדער!

## מיר פאַרגעסן נישט, מיר פאַרגעבן נישט

איר האָט אונז ביז צו דר׳ערד געדריקט דעם נאַקן,
געשטופּט אונז זשאַווער־ציימלעך אין פאַרבלוטיקט מויל;
ווי לאַסט־פערד אונז געשפּאַנט אין אייערע לאַסטן
און געשניטן מיט דער בייטש אין אויג.
מיר פאַרגעסן נישט, מיר פאַרגעבן נישט

איר האָט אונז שוין אין רוימישער מעלוכע
געמאַכט פאַר גאַלעאָנען־שקלאַפן, געגאָלט די האָר.
געקאָוועט אונז די פיס אין שווערע אייזנס,
געטריבן אונז צום טאַקט פון האַרטאַטאָר.
מיר פאַרגעסן נישט, מיר פאַרגעבן נישט

מיר פוצן אייך די שיך, איר שפּייט אַף אונז,
מיר ווען אייך די שיך שוין לאַנג נישט פוצן.
מיר ווען, ווי אַף פּי־באַגאַזש, אין גיכן
אייער נומער אפן שטערן קריצן.
מיר פאַרגעסן נישט, מיר פאַרגעבן נישט

איר האָט דעם פאָלק פאַרקלעפּט ס׳מויל מיט הימל,
מיר גאָט פאַרפויקט אונזרע מידע אויערן,
פאַרבלוטיקט און מיט קינדער־מאַרך פאַרפלעקטע
זענען דעם „גאַניידנס פערל־טויערן".
מיר פאַרגעסן נישט, מיר פאַרגעבן נישט

מיר זיינען היים מיט טויטן הונגער־פיבער,
אין ברוסט עס פויקט אַ ווילדער באַראַבאַן.
מיר פרעגן נישט, מיר ווילן גאָרנישט וויסן,
מיר הייסן זיך באַצאָלן: מאַן פאַר מאַן.
מיר פאַרגעסן נישט, מיר פאַרגעבן נישט

די ציין אין האַלז — איז קייקלען מיר זיך ביידע,
עס איז דיין לעבן, אָדער מיין לעבן.
טאָם פון טויט מאַכט העלער נאָך די אויגן.
מיר ווען נישט, מיר טאָרן נישט פאַרגעבן!

## אין געוועט מיט דער זון

כ׳איז צאַם און גרעניץ און פּלויט,
און שטיינער געזאַמלט אַף זונדערנזיך.
פּלאַנעטן קוקן און וואונדערנזיך:
וואָס זונדערט זיך אַזוי די נויט פון נויט?

קוקט דאָס בלאָע אויג אין ברוינעם אויג—
ווערט עס נישט אין שוואַרצאַפּל געשפּיגלט.
וואָס איז דעם מענטשנס זעל אַזוי פאַרזיגלט?
וואָס איז זיין האַרץ ביטערער פון לויג?

אַ גרעניץ שטייט. עס היט דער העלמעט-שפּיץ
דאָס רעכט אַף אייגענער אימפּעריע.
נאָר פאַרהיט דאָס דען פון פּאָקן און כאָליעריע?
פאַרהיט דאָס דען פון הונגער און פון בליץ?

ס׳איז הייליקע וואַנט און אַלטער שלאָס,
און קוואָרעסדיקע גלאָריע.
פאַר דיר אַ טעפּל שיטערע ציקאָריע,
אַ קרוג מיט אייל פאַר טויטן באַלעבאָס.

די באַן איז פול מיט פּילע לערע ערטער,
און באַ די פּלויטן פוילט דאָס פּעטע אויבס.
אַף גאָלדענע שטולן זיצט דער שוואַרצער פּויפּסט,
די ליפּ איז וויאַל מיט מאָך פון ווערטער.

וועלטן-גוף געמאַכט צו וויסטער שאַנד,
געפּאַלמעסט פון אַ דאָקטאָר אַ וואַנדאַל.
אין בלייען רערל שלאָפט דער ראַדיומשטראַל,
עס בליצט אַף דיר אַ טויטע נאָגלהאַנט.

וואָס שיי'ט אַזוי דער מענטש זיין נאָענטן שאָכן ?
אוי, שפּראָכן זענען שאַרפע העק וואָס שפּאַלטן,
אין נעפּלען ווערט די יונגע זון געהאַלטן,
דער רעגנבויגן ליגט אַף טויט צעבראָכן.

אַרום דעם שלאָס עס שטייט אַ גאָלדנער וואַל,
באַם שוימער שטייען ליידיק אַלע פעסער.
ברויט און מעסערס ליגן הינטער שלעסער
און כאַלוימעס זענען גרין ווי גאַל.

וועלט איז אָנגעגאָסן פול מיט מילך און גאָלד,
און האָניק פליסט פון אַלע שטיינער.
זאָל איעדער זיין פאַר זיך נ י ש ט א י י נ ע ר,
נאָר אַ בלעטל פון אַ גאַנצן וואַלד !

אָ, קנעכט ! צעוויג דיך און צעברויז,
זאָל דאָס לעבן דיר דעם טויער צעעפענען.
דאָס קענסטו דאָך אַליין באַרעכענען :
פון איין מאָל איינס עס קומט דיר איינס אַרויס !

טאָ הויב דיין קנאָכנדיגע פויסט, פּראָלעט,
צעברעך די אַלטע וועלט, דעם אַלטן טשערפּ,
זאָל פלאַקערן די פאָן פון האַמער־סערפּ
און גייען מיט יונגער זון אַף אַ געוועט.

# די פּען און די שווערד

די פּען איז שאַרף. די שווערד איז שאַרפער.
מיט פּען, מיט שווערד, מיט קוילן-וואַרפער
גייען קאָמוניסטישע פּאָעטן
אַף טויזנט הייסע געוועטן
צו שיצן ס׳לאַנד פון סאָוועטן.

ס׳ז שאָטן-שפּיצן פלאַטערן אַף צווייגן —
כאַפּן מיר אין גאַנג אַ בליק און שווייגן.
מיר שטעלן זיך נישט אָפּ און גאַפּן.
מיר לויזן זיך נישט אין דער שטייג ווי אַפּן.
מיר זענען אויפגעוועקטע, אויפגעברויזטע שקלאַפּן.

וויין איז גוט, זאָגט מען, מיט צעריבענע פּערל,
אַ קוש איז גוט, זאָגט מען, מיט אַ געזאַלצן טרערל.
נאָר מיר קענען זיך די אַלע זאַכן נישט פאַרגינען,
מיר האַלטן אַ וואַך פון נאַכט-צייט ביז באַגינען,
מיר היטן זיך פאַר עקדישן און שפּינען.

אַ קאַלעם קוש אַף ציכטיק-ווייסן קישן
דאַרף זיך היינט מיט אונזער מויל נישט מישן.
דורך דאָרשט און הונגער ציען אונזערע שאַרן,
מיר ברענגען אומגליק און געפאַרן —
אַף די האַרן. מיר זענען קאָמונאַרן.

אַף פּיסקעס פון קאַנאָנען הענגען מיר די האַרפן.
עפּשער וועט מען זיי אַמאָל באַדאַרפן.
דערווײַלע ציטערן אַף אונזרע וויעס
שאָטנס פון געהאַנגענע אַף טליעס —
אָ, ברידער שוואַרצע אַף די ווייסע טליעס!

מיר לייגן אָפּ אַף שפּעטער סענטימענטן.
די פּוסטע רייד אַף שייטערהויפנס ברענט׳ן.
עס בליצט די האַנט, עס ברענט די שווערד.
עפּעס ווערט דאָ היינט אַף אונזער ערד.
זאָל אונז נאָר דערלעבן זיין באַשערט!

## דאָס דזשאַז-ליד פון דעם קעסל-הייצער דזשים

אָווערטיור

„דזשים“! „דזשים“! „דזשים“!
דזשים דעם שיף-הייצערס נאָמען,
איז ווי אַ קלאָלע,
וואָס ווערט אויסגעקלאַפּט
אויף אַ קאָוואַדלע,

אָדער ווי אַ כויזעק
וואָס פּאַיאַצן
דזשימזשען-אוים אַף טאַצן.
„דזשים! דזשים! דזשים!
ריר דיך, דו פאַרשאָלטענער,
פון לעבן נישט געגאָלטענער,
פאַרלויזיקטער, פאַרכויזעקטער,
האָלעדריגע, דזשים!“
אַזוי רופט דעם אונטערטרייבערס שטים.

.1

די געשיכטע

די שיף פרעסט מיילן,
די מיילן פרעסן דזשימס לעבן
אין געהנעם-קעלער פון דער שיף.
אויבן אַף די דעקן
טאַנצן וויסטע פלעקן,
מייסים מאָרגעדיקע
שאָטן-קינדער
אין פראַק, צילינדער.
דזשאַז, דזשאַז, דזשאַז,
ברומט דער באַס.
גלאַנצן אויגן אין מאָנאָקל

טאַנצט דאָס אָפּגעגילדטע באָקל.
שוימט שאַמפּאַניער אין באָקאַלן
און די פּיס פון שיקרעס פאַלן.

אונטן — וואו די פייערס ברענען,
הייצן הייצערס אין דעם געהנעם,
און דער שוויס רינט איבער שוואַרצן,
אַנגסטן בייטשן אפן האַרצן.

אויבן טאַנצן דאַמען, הערן,
אונטן—וואַנצן, מיסט און ווערים,
אונטן — מייז און לייז און ראַצן
און די אויער-פּייקלעך פּלאַצן
פון דעם אונטערטרייבערס שטים:
„דזשים! דזשים! דזשים!
ריר דיך, דזשים!"

.2

עך, דו דזשים
אינם הודזשעדיקן זשים
פון ווילדן יאַם און טויטן פּלאָט,
שטעל דיך אָפּ און גיב אַ טראָט.
גיב אַ טראָט אַף האַלז-און-נאַקן,
אַז דער רוקנביין זאָל קנאַקן,
נעם דאָס רעדל פון דער שיף,
און דערפיר זי ביז דער טיף
און דערנאָך אַליין אַ שווים.
עך, דו האָלעדריגע דזשים.
„דזשים! דזשים! דזשים!"

נעם דערהויב אַף גאַס-פּאָנאַרן
אַלע הויכע נאַרן-האַרן!
און מיט כוואַליעס פון פּאַיאַצן
מאַך האַוודאָלע אַף פּאַלאַצן.
העכער, הייב, דיין פויסט, דיין שטים,
עך דו האָלעדריגע דזשים,
(דזשים! דזשים! דזשים!)

גו, ברודער דזשים!
זאָלן דיינע נעגל קראַצן
מיט דעם כויזעק פון פּאַיאַצן. ....
נעם צעכראַסטעט טיר און טויער
פאַר דעם אַרבעטער און פּויער.

באַ די רויבערס פון דיין דעך—
ריים דעם דאַך און שטעך און ברעך.
ווייט און ברייט צעקלינג דיין שטים,
האָלעדריגע דזשים,
דזשים, דזשים, דזשים,
ריר דיך, דזשים!

פינאַל

אַט פאַרוואָס און אַט פאַרוועןן!
טו אַ בראַט און טו אַ ברען,
רייניק אָפּ דאָס מיעסע מיסט.
ווייסע מייז און געלע וואַנצן
זאָלן אָף די שיפן טאַנצן —
שיפן אַפן דנאָ פון יאַם.
דו און דיינע ווערן וואַכן —
ווען די פּאַליעס ווערן לאַכן
אָף די מאַסטן - שפּיץ.

ס'איז געוועזן, מער נישטאָ עס,
אָפּגעמעקט דער ויסטער טאָעס
און די וועלט—איז וועלט.
ניי געזאַלבט אין זיבן זונען
האָט דער טאָג דעם טאָג געפונען!
זינגען מיר דערפאַר דעם הימן
צו דעם קעסל-הייצער דזשימין —
יעדער מיט זיין בעסטער שטים:
דזשים,
דזשים,
אַ, כאַווער דזשים!

ס'איז דאָס ליד פון האָלעדריגעס,
נישט עסטעטיש אונזער קריג איז,
היים און האַרט און פעסט צוזאַמען
וועלן מיר דעם פלאַם צעפלאַמען!
סערף און האַמער איז דער סימען,
אַז דער טאָג קומט אַן פּאַר דזשימין,
דזשעק און דזשים און דזשאַן און דזשין.
נייע פייגל וועלן פליען,
אָ, כאַווער דזשים!
ריר דיך דזשים!
אַמעריקאַנער ברודער דזשים!
דזשים, דזשים, דזשים!

## אונזערס איז דאָס קיניגרייך

סי ברענגט דער טאָג דעם דופט פון מירטן און שראַפּנעלן.
מיר האָבן ליב ליב־צו־האָבן און פיינט־צו־האָבן.
ווי ס׳איז גרינג דורכצעשטופּן אַ נאָדל דורך אַ לאָך פון אַ בייגל,
אַזוי איז גרינג פאַרן אַרבעטער צו פאַרנעמען די ערד.
נאַט אייך דעם הימל און גיט מיר די ערד,
אונזערס איז דאָס קיניגרייך פון דר׳ערד.

די צייט איז פאַר אַ סאַך זאַכן. עס האָבן צייט די פאַרדאַרבערס
צו פאַרדאַרבן. עס האָבן צייט די אויסלעשערס צו אויסלעשן.
אונזערס איז דאָס קיניגרייך פון דר׳ערד.
נאַט אייך די קרוינדימענטן און גיט מיר די שווערד.
אונזערס איז דאָס קיניגרייך פון דר׳ערד.

נאָן אמינאַ פאַסימוס אָמוס. נישט אַלע קענען מיר אַלצדינג.
אָבער זיך נישט לאָזן אַרויסרייסן דעם ביסן פונם מויל דאָס
קענען אַלע.
די צייט האָט צייט צו צייטיקן אַלעס. נאָר מיר אַרבעטער
וואָס מיר זענען דער צייטס פולס—מיר האָבן קיין צייט נישט.
מיר פּיטשקען־אונטער די טעג מיט גומיבייטשן: רירט זיך,
טעג, אַ, רירט זיך!
(אונזערס איז דאָס קיניגרייך פון דר׳ערד).

די מירטנפלאַנצערין האָט קוויטיקע הענט. אַ, פלאַנצערין
פון גאָרטן.
דאָס קיצוים אַף דיינע הענט איז מירטן!
איך קוש דיינע הענט וואָס שמעקן מיט מיסט און מיט מירטן.
אונזערס איז דאָס קיניגרייך פון דר׳ערד.
דער נויטשוויים רינט איבער דאַרע ליפּן. דאָס האַרץ
פּויקט צום אויפשטאַנד.

די פּויסט ציטערט ווי אַ ווייזער פון אַ וואָג —
און שמאַרצט מיט שטעכעדיקן קויעך.
(אונזערס איז דאָס קיניגרייך פון דר'ערד).

אָך, זענען מיר היים און צום פּלאַצן שטייף מיט סינע.
סינע זשומט אַף אַלע אונזערע גוף־סטרונעס.
רויך גייט פונם מויל. דער פּוס שלאָגט פייער פון אומגעדולד.
דער טאָג שלעפּט דעם ציבער בלוט אין הימל.
אונזער ווייסטע לייד צעגיסט זיך רויט אַף בערג און דאָלינעס.
אונזערס איז דאָס קיניגרייך פון דער ערד.
אונזערע זאָטלען שוין די פערד.
די שווערד ליגט אָנגעשאַרפט אין שייד און שוויגט ווי
אַן אָריענטאַל.
ווען שווערט דערוואַכט לויפט דער פּאַכעד אָן אַ קאָפּ און
שרייט גוואַלד.
יאָ, אונזערס איז דאָס קיניגרייך פון דר'ערד.
אָ, שווערד מיין שווערד! איך קלאַפּ־אָן מיט אַ פינגער אָן
דיין שייד.
איך נייג מיך שטיל, און גלעט דיך צאַרט, און קוש דיך מילד
און זאָג: דערוואַך!
(אונזערס איז דאָס קיניגרייך פון דר'ערד).

## שויפענצטער פון ניו יאָרק

דאָס וואַקסקעפּל מיטן עפּלגרינעם היטעלע און מיט אַ זילבער
אוירינג
ווי אַ בלאַטשלאָס, אין דער אויסלאַגע פון פּרויען־קליידער,
דרייט זיך, דרייט זיך, דרייט זיך אָטאָמאַטיש.
דאָס שויפענצטער שטייט ביז איבערן האַלז אינם בלאָען ליכט
פון צוויי שיפע גלאָזערן, ווי אָנגעשוואָלענע אָדערן פון פייער־
בלוט.
אַ פּוס אַ וואַקסענער, אַ פּוס פּאַרזיכאַליין, אַן עגאָאיסטישער פּוס
מאַכט שאַבעס פאַר זיך אַליין אין אַ שפּאָגל־נייעם זאָק. און האָט
נישט וואו צו גיין.
עס שטייט אים גאָרנישט אָן צו האָבן צו טוען מיט די פּיס, וואָס
טראָנדלען אַרום אַף געמיינע טראָטואַרן.
„‏‎$1.95 באַנקראָט־אויספאַרקויף. אונזער פאַרלוסט—אייער
געווינס!"
אַ שטומפּיקע פלייש־אידענע, וואָס ווען אַ קאַניבאַל דערזעט זי
קריגט ער די פּלאַץ,
בלייבט שטייען. קנייפּט עפּעס אַרוים פון אַ טיפער
מאַנטלקעשענע און וואַרפט אין צעשפּאַרטן מויל אַריין,
וואָס איז פול מיט גאָלד, און מיט פּאַרפומירטער צונג און מיט
אַ שמאַלצן געלעכטער.
אַן איינזייטיקע, פּאַרמעטענע ציגיינערין אַ אידישע, וואָס
באַוועגט זיך
מיט אַ סווישטש, דעם קאָפּ אַף אַ זייט, דעם רעכטן אַקסל אַף
אַ זייט,
זיך אַליין אַף אַ זייט—
סוויסטשעט־דורך מיט בלישטשיקע שוואַרצע לאָקן,
רוישיקע שאַלן, לאַמטערן־אוירינגען

און מיט „פאַרגעסט-נישט-ווער-איך-בין“אין די אויגן פאַרוויינ-
טע, ראָמאַנטישע, דראַמאַטישע.
און דאָס קעפּל דרייט זיך, דרייט זיך, דרייט זיך אָטאָמאַטיש.

אַ בולדאָגישע, כעמיש-בלאָנדע נעקייווע
מיט אַ פלוי-פאַרביק בולדאָגל אַף אַ געפלאָכטן לעדער-קייטעלע,
גיט אַ קוק
מיט קליינע קנעפּל-אייגעלעך און גייט אַוועק מיט אַ :
— היר, פּופּסי... היר ליטל סאָן... היר... היר!
זי שלייכט אַוועק צום צווייטן פענצטער פון אַ פויגל-געוועלב.
דאָרט לויזן זיך מאַלפּעס.
אַ קליין מאַלפּעלע מיט אַ פּיצל פליישל צישן די פּיסלעך
און מיט אַן ארונטערהייגנגענדיק בייטעלע, קוקט מיט זאָקן-
אויגן
אַף די די ווייבער, וואָס שטייען ארום און כיכיקען.
עס ווערט אים נישט גוט. גיט ער אַ ברעך-אָפּ און
לייגט זיך שלאָפן.
אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ שאַרפן הויזן-קנייטש און אַ האַרט
מולטערל
אפן צוגעגלעטן, אַטלעסענעם קאָפּ, איילט זיך ערגעץ,
בלייבט פלוצים שטיין לעבן פויגל-געשעפט, כאַפּט אַ פלינקן
קוק אַף
די וועוויקעס, ווייסע מייז, און פאַרדריסקעטע, שריי-
ענדיקע פּאַפּוגאַיעס.
שפּייט אוים אַ האַלב ציגאַרל
און שטופּט די קורצזיכטיק-לאַנגע נאָז—
האַרט צו שויב, ווי ער וואָלט זיך וועלן דורכבויערן אַ לעכל
דורך דער שויב צו די ווייסע מייז און איינגערעכטע
פּאַפּוגאַיעס.
דער טומל גייט ווי בלאָטיקער טייך. ווערט נישט ווינציקער,
און ווערט נישט קערצער.
ער ברעכט זיך אַקראָבאַטיש אַף ליכט-פאַרבן, וואָס קומט פון די
שויפענצטער
און בלייבט שטיין אַף אַ נערוועזער האַלבער מינוט
ווען דאָס רויטע „טרעפיק“-אויג פון אַן עלעקטריש געזעץ
צינדט זיך אָן און הוידעט זיך איבער די ראָגן, און וואָרנט:
— לאָזט דורך די ברייט דורך דער לענג!

און אַז די לענג הויבט זיך ווידער אָן באַוועגן, שטייען די זייט־
גאַסן ווי אַ משוגענער, רווישיקער ציילעם, וואָס די לענג
פּליסט און די ברייט גליווערט.
צוויי אַרבעטער קומען מיט אַ האַנטוועגעלע, פול מיט געצייגן
אייזערנע:
שרויפּנדרייערס, לאָמעס, לאַמטערנס, העק, פּיקעס, לייט־אייזנס.
איינער שטופּט זיך אַריין אין אַ פּאָר גומי־שטיוול, וואָס זענען
שוין הויזן אויך.
און הויבט־אויף אַ שמעטער־האַמער
ווי אַן אייזערנע פּאָן.
דער אַנדערער נעמט אַרויס אַ שמעלץ־טאָפּ, אַן אַצעטאַלין־
פּאַקל,
טוט אָן גרעלע פייער־ברילן ווי אַ דאָמינאָ און נעמט עפּעס שמעלצן.
ביידע כלייבן שטיין אין רינשטאָק וואו אַ לאַמטערן ברענט מיט
אַ רויט גלעזל.
דער אין די גומי־הויזן־שטיוול נעמט אַראָפּ די אייזערנע פּאַ־
קרישקע פונם קאַנאַל,
שטעלט זיך אַף די קניעס, קוקט אַריין.
ער מאַכט זיך גרייט קריכן אין איפּעשדיקן קאַנאַלנלאָך,
צו פאַרריכטן דאָרטן אַ רערן־נעץ, וואָס קען קאַלי־מאַכן
דאָס טרינק־וואַסער. קען פאַרפּעסטן די לופט, קען ברענגען אַ
מאַגייפע.
קען אָנפילן די טשערפּינע קאַנאַל־קישקעס מיט גאַז. קען
אויפרייסן
ווי דינאַמיט און כאַרעוו־מאַכן עטלעכע גאַסן אַרום.—
אַ דזשענטלמאַן מיט אַ זילבערנעם צוויקער און אַ יאַמשימשאַק
און געפּאַקטע כאַזער־הויט־האַנטשיך, און אַ קליין וואַנטשעלע
אונטער דער נאָז, ווי אַ פליג, און אַ בינטל בלומען אין אַ
גרינלעכן
ציגאַרפּאַפּיר, צענויפגעדרייט ווי אַ שקאַרמיץ, גייט פאַרביי
מיט גיכע, לאַקירטע טריט.
שלאָגט זיך צענויף מיטן אַרבעטער, וואָס אין די גומענע הויזן.
— אַי בעג יור פּאַרדאָן, סיר!
— גאָ טו העל, סיר!
דער אין די גומענע הויזן שמייכלט, קרימט איבער דעם יאָלד
מיט די בלומען,

ווייזט אַ גאַנג ווייסע, שאַרפע, שפּיציקע ציין.
דער פראַנט ווערט בלאַס און ציט־אָפּ מיט אַן אײדל פאַנפען,
באַגלייט פון דעם אַצעטאַלין־ליכט, וואָס שיפּעט ווי אַ גרינע
פייער־שלאַנג
אַרום זיין טויט־דערשראָקן פּאָנים.

פייערלעשער פליען פאַרביי אַף קעסלדיקן לעש־וואָגן מיט אַ
פייף און אַ טין־טין־טין־טין פון אַ בלישטשעדיקן, הוידענדיקן
גלאָק, וואָס אַ בלאָער אַרבל ציט באַ אַ שטריקל.
די לאַנגע גאַס האַלט־איין דעם אָטעם, גיט אָפּ טשעסט די
פייערלעשערס, זי מאַכט אַ וועג.
דער טין־טין־טין־טין עגבערט זיך אריין מיט אַ שפּיציקן פייף
ערגעץ אין דער געגנט אַרום סענטראַל־פּאַרק־וועסט.
אין אַ רעגע אַרום בלייבט בלויז אַ פּאַסמע רויך, ווי אַ צעריסענע
פאָן איבער אַ שלאַכטפעלד,
וואו די טויטע שטייען־אויף און שרייען גוואַלד און לאַכן און
שלאָגן זיך
און צעלויפן־זיך, מיט אַ פליעסק און אַ קוויטש, און אַ פייף—
און קומען באַלד קאַריק—ווי אַ מאַסנסצענע אין אַ אידיש
טעאַטער.

אַף אַ באַנק אין אַ דורכגאַנג־אינזעלע, באַ בראָדוויי און
75טע גאַס,
הינטער אַ פאַרשטויבט ביימל, ליגט אַ טרעמפּ מיט אַ מאָכיק
פּאָנים, מיט די הענט הינטערן קאָפּ און דרימלט אַביסל.
זיין האָריקע, אויפגעדעקטע, גרויסע ברוסט, איז אַליין אַן
אינזעלע
אין די וויסטע מידבאַריוסן פון רייכן ניו יאָרק.
אַ הויכע, דאַרע באַלראַכמאָנעסניצע מיט אַ שטייף קוגעלע
הינטער אַן אַלטמאָדיש היטעלע,
גייט פאַרביי מיט אַ קליין גאַבעטעלע, שטעלט זיך אָפּ לעבן
שטויביקן ביימל, וואו אַ מענטש ליגט אויסגעשפּיגן, פאַר־
וואָרלאָזט,
און זי גיט אַ מאַך צו דער קליינער:
— אַ ראַכמאָנעס אָפּן ביימל! אַזוי פאַרשטויבט, נעבעך.
— אַ בוים אין שטאָט זאָל גאָרנישט געבוירן ווערן.

דער טרעמפּ הויבט־אויף דעם צעשויבערטן קאָפּ און זאָגט
הייזעריק און טעאַטראַליש :
— נו, און איך ? סעי... ליסן...
די צוויי דערשרעקן זיך און רוישן־אוועק מיט דריבנע
פויגל־טריט און איידעלע פויגל־ריידעלעך, וועגן דעם
„לאָרד דזשיזוס... און „איזנט דהים אַנעמפּלאָימענט טע־
ריבל ?..."

און דאָס קעפּל אינם שויפענצטער
דרייט זיך, דרייט זיך, דרייט זיך אָטאָמאַטיש.
און דאָס קראַנקע מאַלפּעלע שלאָפט.
און די ווייסע מייז האָפּסלען און זיינען פריילעך
און אַ פאַרדריסקעטע פּאָפּוגאַי קריטשעט :
— אַמעריקע, אַי לאָוו יו־ה... קרר,
— אַמעריקע אַי לאָוו יו־ה... קרר.

## דעפּאָרטאַציע

אונזערע פרויען באַדינען אייך, קאָכן פאַר אייך, נייען פאַר אייך,
וואַשן פון אייך די לייז אַראָפּ.
אונזערע שוועסטער גיבן אייך ברויט, אייך צו ראַטעווען
פון טויט.
אונזערע ברידער און קינדער פוצן אייך די שיך, און וועבן אייך
געוואַנט
און פליקן אייך פעדערן, און שיילן אייך בולבעס, און ברענגען
אייך די ציימונג צו דער שוועל.
אונזערע טאַטעס זענען די אַלטע דינער מיט ציטערדיקע הענט,
וואָס טראָגן די טעפּ פון אייערע געזונטע טאַטעס.
אונזערע מאַמעס וואַשן די פענצטער פון אייערע אָפיסעס,
די דילן פון אייערע אַפּטריטן, פוצן ס׳מעש פון די שילדן,
וואו אייער נאָמען שיינט ווי אַ נאַפּקע.
מיר אַליין האָרעווען ווי דער טאָג איז לאַנג, ווי די נאַכט איז
גרויס,
מיר זעצן אייך אַליין אױף אונזערע פּלייצעס אַרויף, און איר
שרייט,
אַז ס׳איז אייך שווער צו רייטן, ווייל מיר זענען מאָגער, מאָגער.
אױף אונזער גוף שטייט געשריבן מיט די זידלרייד פון
אייערע הייסע בייטשן,
אַז מיר זענען שקלאַפן, שקלאַפן.
אױף אונזערע נאַקנס האָט אייער יאָך אַ גרוב געמאַכט.
אין די גריבלעך פון אונזערע מולטער־באַקן שלומערט די
שווינדזוכט.
איר האַלט זיך אַליין פאַר הויך און אונז—פאַר נידריק.
איר באַדויערט וואָס איר דאַרפט זיך „מישן" מיט אונז,
איר מיעסט זיך פון אונזערע קויטיגע הענט, פון אונזערע אייל־
באַשמירטע אָוועראָלס,
וואָס גלאַנצן ווי מעטאַל.

איר באַדויערט וואָס איר דאַרפט לעבן אין 1 וועלט,
אונטער 1 הימל מיט אַזוינע נידריקע ווי מיר...
איר האָפט אונז „דער נידעריקער קלאַס" דאַפאַר וואָס איר שטייט
אַף אונזערע אַקסלען.
איר קלאַפּט זיך בראַוו אַפן ווייסן זשילעט און זאָגט:
„אונזער פאַטערלאַנד... אונזער שטערן-געשטרייפטע פאָן...
אונזער אַמעריקע".
אָבער מיט וואָס איז'ם „אייער אַמעריקע", איר רויבערס, פּימפּס,
לאַיערס, ליידיקגייערס, ראַקעטירס?
ווי אַזוי איז עס אייער „פאָטערלאַנד"? האָט אייער פאָטער דאָ
זיין בלוט-און -שווייס פאַרזייט?
האָט ער געאַקערט די ערד? געפלאַנצט אַ ווייגאָרטן?
געשפּונען ליין? געניט הויזן? געבאַקן ברויט? געבויט
קאַנאַלן?
געלייגט דעם דאַך אַף „עמפּייר-סטייט-בילדינג"?
געצויגן די שטאָל-שטריק איבערן סקעלעט פון דער ברוקלין-
ברידזש?
געפאַרבט דעם סופיט אין „פענסילווייניע באַנהויף"? געלייגט
די ערשטע רערן אין האַדסאָן-טונעל?
געגראָבן דעם פּאַנאַמאַ-קאַנאַל? געפרייכט אין דער בלאָז-
גלאָזעריי פון פאָרדס פאַבריק? אין די סטאָק-יאַרדס?

אייער פאָטער, אַזוי ווי איר אַליין, האָט געקנאַקט מיט דער
בייטש
אפן פלייצע פון באַלעגאָלע, וואָס האָט געטריבן ס'דאַרע פערד.

אייער אור-פאָטער, ווי איר אַליין (ווי אייער פאָטער)
האָט נישט געהאַט גענוג מוט,
צו וואַרפן-זיך אַף אַ לייב, און אים דערהאַרגענען,
האָט ער געפונען אַ פאָרטל צו שניצן פיילן און צו וואַרפן די
פיילן
אינם האַרצן פונם יעגער וואָס האָט באַזיגט דעם לייב—
אַזוי אַרום איז ער פון אַ שטילן פאַכדן געוואָרן אַ „העלדישער
סאָלדאַט".

אייער פאָטער, ווי איר אַליין, האָט ליב געהאַט זיין פאָטערלאַנד,
ווי אַ קאַניבאַל האָט ליב דעם פעטן גאַסט, וואָס ער עסט-אויף...

און איצט אַז מיר בויערן זיך ווי פעלזן אריין אין אייער טויטן הימל,
און איצט אַז מיר צעבלאָזן אונזער קראַפט מיטן בלאָז־זאַק פון העלישן שטאָרעם,
און איצט אַז אונזערע רוקנס זענען פאַלנבויגנס, און מיר גרייטן זיך
צום שפרונג אַף אייך, צו צערייסן די שטשאָקעם וואָס פאַר־צוקן אונז,
איצט שרייט איר, אַז מיר זענען „פרעמדע״; אַז די ערד,
וועלכע מיר האָבן פעט־געמאַכט מיט אונזער שוויים־און־בלוט, איז נישט אונזער ערד;
אַז דאָס לאַנד וואָס מיר האָבן פון אַ קראָפּיווע־וויסטעניש געמאַכט צו בליענדיקן וויינגאָרטן, איז נישט אונזער לאַנד;
אַז די זון, וואָס מיר האָבן רויט־געמאַכט מיט אונזער בענקען, איז נישט אונזער זון.
איר לאָזט אַף אונז אייערע ווילדע בלוט־הינט און העצט אונז צום געלאָף
איבער שטיין און דאָרן.
איר פאַרזיגלט אונז אין וואַגאָנעס און שיקט אונז „אהיים״,
וואו עס וואַרט אַף אונז: דעם גאַלגענס שטריק,
דעם טאַליענס ברייטע האַק,
דער טפיסעס שטיינערנער זאַק.
איר שיקט אונז „אהיים״ און די „סטעטשו אָוו ליבערטי״ אייערע באַגלייט אונז מיטן קרומען שמייכעלע אירן,
און באַלייכט אונז דעם וועג צו גילאָטין, צו טפיסע.
און די קוימנס פון שטיינערנעם באָוול, וואָס מיר האָבן אויפ־געטורעמט פאַר אייך—
קנוילן שוואַרצע פאָנען איבער דער שטאָט ניו יאָרק,
און די יאַם־פייגל רייסן קריע מיט זייערע פיסקלעך.
און סירענעס וויינען אַף אונז אַרויף דאָס געוויין פונם געבונ־דענעם ריז,
וואָס בייסט די קייטן מיט די ציין.
און די שיף, אַף וועלכער איר דעפּאָרטירט אונז איז
אונזערע!
און דער טריפּאַקס פונם זיגל, מיט וועלכן איר פאַרזיגלט די וואַגאָנעס, איז אונזערער!

און די קייטלעך וואָס איר טוט אָן אונזערע בראַוווע-לייט אַף די
הענט,
זענען אונזערע קייטעלעך.
און די ערד ,וועלכע האַלט די אָקעאַן-שיסל, אַף וועלכער מיר
טרייבן זיך „קיין אויסלאַנד״,
אָט-די גאַנצע ערד איז אונזערע, אונזערע!
עי, אונזער „פאָטערלאַנד״ איז גרויס, זייער גרויס!
און „זים״, גלויבט מיר כ׳לעבן, איז נישט צו שטאַרבן פאַר קיין
שום „פאָטערלאַנד״,
נאָר ביטער איז דאָס לעבן, וואָס איז ביטערער ווי דער טויט.
קענען אַזאַ לעבן האָבן מיר דאָס האַרץ געפּאַנצערט אין שטאָל
און שטיין.
קענען אַזאַ לעבן הויבן מיר אונזערע פויסטן אין הימל-געשריי,
מיט די קינבאַקנס פון אונזערע מאַשינען שלאָגן מיר אייך טויט!
פון אונזערע קנאַקעדיקע שייטלעך האָט
צעלייגן מיר אַ פייער, וואָס פלאַטערט ווי אַ וועלט-ברייטע פאָן:
פלאַטאַטאַטאַ, פלאַטאַטאַטאַ,
מיר דערפאָרטירן אייך פון דער וועלט אַרויס, וואָס איז אונזער
פאָטערלאַנד.
מיר פאַרזיגלען אייער גורל מיטן בלוט פון אונזערע אויסגע-
שטאָכענע אויגן.
מיר שרייבן אייער אורטייל מיט פלאַמען פון נעקאָמע.
מיר שיקן אייך אַריבער אַהין, פונוואַנען איר זענט געקומען:
צו די שלאַנגען אינם האַרץ פון דער
מידבאָר!

## טאָם בוירד

איינער פון מיינע געוועזענע שאַפּ־כאַווייִרים

ווי אַ יונגער, היציקער לאַשעק,
מיט סאַמעטענע אויגן,
סאַמעטענע פלאַנקען
סאַמעט־סמעטענע אַפן מויל,
וואָס איז בראַנדהיים מיטן פאַרזוכטן
פייערברויט פון לעבן,
מיט אַנטשלאָסנקייט ניט צו לאָזנזיך זאָטלען
אָדער „איינברעכן" אין יאָך —
אַזוי איז געווען דער יונגער טאָם בוירד
ווען ער איז נאָר־וואָס אָנגעקומען
פון דער פאַרם אין אָקלאַהאַמאַ,
אין לוזערס סוועטשאַפּ אַריין
אַף ברום סטריט.

טאָם בוירדס קאַוועקאָלירטער קוטשער מיט האָר
האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן מיט פריילעכער אַקשאָנעס.
זיינע פאַרשייטע פעלד־האַרטע, קורצע פינגער,
האָבן זיך אַפילע אַף שפּאַס
נישט געלאָזט זאָטלען פון אַ פינגערוט.
זיין צעשפּאַרטע, אַרויפגעקאַטשעטע נאָז
האָט אין 1 מינוט אויסגעכלאָביעט
די גאַנצע לופט פון לוזערס סוועטשעפל,
זיינע גוואַלטיקע ציין האָבן געקריצט און געביסן,
זיינע אויגן מיט גרויע פינטעלעך
האָבן זיך געמינעט
ווי באַ אַ טיגערקאַץ אין דער פינצטער.
טאָם בוירדס לעמפּאַרט־עלאַסטישער רוקן
האָט פאַר קיין פאַל אין דער וועלט נישט געוואָלט
אַף זיך לאָזן אַרויפשפּרינגען
דאָס קליינע, שפּיצמויליקע, מיסע כאַיעלע
דייגעס־פּאַרנאָסע.
די אַרבעטער אין לוזערס שאָפּ האָבן געקווועלט
פון דעם יונגן ווילדן לאַשעק פון אָקלאַהאַמאַ
וואָס לאָזט זיך נישט ברעכן פון די פייער־שלאַקסן
פון בייטשן,

וואָס שרעקט זיך נישט איבער פאַר די קלינגענדיקע
פּראַסקעס איבערן מויל,
וואָס דער „קאָו־פּאָנטשער“ גיט אים,
און אים אי אינטערגעבן כעך
ער זאָל זיך נישט לאָזן,
אי באַוויזן אים אַז ס'איז נישט שווער
צו טראָגן קיין זאָטל —
ווען די שפּאָרן זאָלן נאָר נישט בייסן אין בויך,
און ס'ציימל זאָל נישט בלוטיקן מיט שוים.
נאָר לוזער קאָהן האָט זיך געקראַצט
דעם גוידער אַפן קאַרק,
און געזאָגט: וואָסאיז פאַרא שוואַרציאַר מיט דעם יונג?
און וויאַזוי ברעכטן אים אַהן, זאָסטמאַ לעיבן?...
נאָר שפּעטער מיט צוויי כאַדאָשים זיצט שוין
לעבן מיין באַנאַז־מאַשין טאָם בוירד,
(דער ווילדער לאָשיק פון אָקלאַהאָמאַ)
אַ שטילער, אַן „איינגעבראָכענער“.
אַף זיין צעשפּאַרטער, פאַרקאַטשעטער נאָז
בליען שוויים־וויינפּערלעך.
זיין קאַוועקאָלירטער קאָפּ איז איינגעבויגן צו דער מאַשין
און די פאַסמעס האָר קלעבן אים צום שטערן —
ווי ער אַליין קלעבט צום לעבן.
די אויגן מיט די גרינע פינטעלעך
ווי בא אַ טיגערקאַץ
זענען פאַרצויגן מיט אַ פייכטן אַש.

טאָמס גוואַלטיקע ציין שמייכלען טרויריק אַפיר
פון אונטער אַ פאַרגעסענער ליפּ.
זיין לעמפּערט־עלאַסטישער רוקן איז רונד
ווי אַ שטילינקער פראַגעצייכן,
און דאָס קליינע אויפגהאָרבעטע שפּיצמויליקע כאַיעלע
דייגעס־פאַרנאָסע —
רייט אים אַפן רוקנביין לעבן נאַקן
און זויגט מיטן שפּיציקן מיסן מויל
דעם קלעי פון טאָם בוירדס ביינער,
דעם קלעי פון טאָם בוירדס ביינער.

## פון רעכטס צו לינקס

מיר היטן די פען ווי אַ בריל אפן אויג,
נאָר מיר האַלטן נישט פון קיין לײדיגער פויק;
מיר דאַרפן אַ שפּראַך אַף קאָכן באָרשט און נייען שיך
נאָר מיר דאַרפן נישט קיין שפּראַך אנעפּאַרזיך.

ס'איז עפּשער שיין די אויסגעפּוצטע סאָסנע
וואָס גרינט און ברוינט באַ לאַכנדיקע בוכטן.
פונדעסן קוקן מיר אַביסל סקאָסנע
אַףביימער, וואָס גיבן נישט ארוים קיין פרוכטן.

מיר זענען מידע, וואָכעדיקע מענטשן,
וואָס ריידן אידיש און האָרווען ווי די גאָיעם.
מיר דאַרפן נישט קיין שפּראַך אַף דאַוונען און בענטשן,
מיר דאַרפן מיר אַ שפּראַך אַף ברעכן און אַף בויען.

מיר האַלטן ריין די ווערקצייג פונ'ם דענקען,
און העל דעם פלאַם וויל־אַנג די שיימלעך פלאַקערן;
מיר מיידן־אוים די קלויז, מיר מיידן־אוים די שענקן
מיר האָבן נאָך אַ גאַנצע וועלט צו אַקערן.

מיר שאַצן־איבער יעדן „גאָלדענעם פאָדעם",
מיר זענען נישט קיין בלינדע ווערטער־שפּינערס;
פאַר נייעם זין מיר האָבן נייע בגאָדים.
מיר לעסטערן די ווערטערגעצנדיגער!

מיר זענען טויב צו „אידישלעכע טענער"
פון אַלטער ליטע, גאַליציע און רייסן;
עס הענגען הויך אין האַרץ די רויטע פענער,
און ווינט און שטורעם וועט זיי נישט צערייסן!

# זיי קומען קריק

(צו דעם דעזערטיר ה. לייוויק, וועל־
כער שלאָגט זיך אָז צו מאַכן "שלום„)

... איצט קומסטו קריק!
די ווײַדל־צונג אַראָפּגעלאָזט און שלאַבריק,
צי האָט דיר נישט פאַרשמעקט באַם האַר דער זשלויב?
צי שטעכט שוין דיין פּעגאַז דער צופיל אָבריק?
צי גאָר פאַרבענקט זיך נאָך אַ שיסל לויב?

איצט קומסטו קריק מיט פּעטליע אַפן האַלז,
פּירסט אַליין זיך קלאָמערשט צו אַקיידע;
געבליבן מיר באַם סאָף פון ציאָן־וואַליץ
פון „איזאָלירן" אונז איז היינט שוין נישט די רעדע!

פאַרביינקט זיך סאָף־קאָלסאָף נאָך אונזער לאַנגן ליכט,
וואָס וואַרעמט אייך די יונגע אַלטע ביינער.
אין שאָטן וויאַנעט־אָפּ דעם נאָווים אָנגעזיכט,
אין ווינקל גייען־אוים די גאָלדענע פּענער.

עס האָט די וואַקכאַנאַליע־וואונד געבריט דעם ביין;
און דו האָסט זי געפּילעוועט מיט עסיג!
געוואָרפן אונז אין קאָפּ אריין ס„האַרץ"—אַ שטיין,
און אונטער גרויען אַש פון ליד פאַרשאַרט מ׳פּריסיק.

איצט קומסטו קריק! דיין פּויק פאַרשטילט, דיין ווידערהאָרן
שאַלט נישט מער אָף מוטער ראָכעלס קייווער.
אין קילן זאַמד עס רוט דער האָרב פון צאָרן.
ביזט מיד. ביזט מיד אָף יעדן אייוועך!

איצט בעטסטו אונז פאַרגעסן וואָס געווען איז,
צו טון פאַרגעבן דיר מיט ליכטיקן גנאָד ;
דו מיינסט אַפּאָנים, אַז דיכטונגס „הייליקע שיימעס"
וועט אָפּלעשן דאָס רויכערדיקע בלוט ?

ס'האָט אַרבעט־האַנט געמאַכט אַנטקעגן צונג אַן אויפשטאַנד
און ווערטער פּוסטע וואַרפט מען קריק אין פּאָנים.
האָסט אויסגעוועזט קראַנק דיין גאַנצן סאַם,
נאָר אַף דיין ליפּ געבליבן איז סימאָנים.

אָה, „נאָווי־דיכטער" דאַרינקער און בלאַסער,
ביזט ווידער גרייט צו געבן צונג צושטייער ;
סי איז וואָר, דו טויוולסט־אָפּ דיין זינד אין וואַסער.
נאָר באַ אונז עס רייניקט בלויז סיפייער.

# אין פייער געבוירענע

אין פייער געבוירענע מיר —
אין גאַרגליקע גוסן פון שטאָל;
מיר שטעלן די ברוסטן דעם טויט צע־צו,
מיר האָבן פאַר פייער קיין מורע נישט.

אין קנעכטשאַפט געבוירענע מיר —
מיר בייסן די קייטן די ראָסטיקע;
עם קלינגט אונזער קאָל, אונזער ווידער־קאָל,
אַף גרעבליעס צעריסן, צעמאָסטענע.

אין טויטן געראַנגל געוואַקסענע —
מיר טרעטן דעם טויט מיט די פיס;
אָן האַלז פונם קוילער געקוילעטן —
מיר ווישן די בלענדיקע שפייז.

באַ נידריקע טירן מיר בייגן זיך
און קומען באַלד העכער נאָך אויף;
ווי פאַנטערם צו לעצטער פאַרטיידיקונג,
מיר וואַרטן אַ ווייליקע אויף...

אין בלוטבאָד געבאָדענע מיר —
מיר האָבן פאַר בלוטהינט קיין פאָרכט;
מיר יאָגן די יעגער אין שטייג אַריין,
מיר שלאָגן, דערשלאָגן דעם מאָרד.

אין וואונדן געבוירן; געהאָדעוועט
אין ווינדער, אין וואונדן, אין ווינט;
מיר שפּילן מיט בליצן מיט בראַנדיקע —
מיט שטאָל און מיט פלאַם און מיט פלינט.

אין פייער געבוירענע מיר —
אונז שרעקט נישט קיין פלאַמיקע ווענט;
מיר פּאָכן סאַמונען צעווילדעטע,
און וויגן די וועלט אַף די הענט!

## קאָניונקטור

— וואו וואוינט איר חבר?

— איך וואוין (און אַרבעט) נישט ווייט פון ריווערסייד־דרייוו,
אין אַ צימער גרוים ווי מיינע גליקן.
צעצונדענע פּערל זענען די ליכט אַף מיליאָנערישער עווענין
באַ מיר אין קאָרידאָר קאַפּטשעט זיך אַ צען־וואַט 1) לעמפּל
ווי אַ גלעזערנע טרער אַפן פּאָנים פון אַ ריז, וואָס האַלט אַ
פינגער אין מויל און וויינט: מאַ—מע.

מע זאָגט, אַז דאָ אויבן אין די רייכע אַפּאַרטמענט־הייזער
צאָלט מען פון פינעף ביז צען טויזנט דאָלער אַ יאָר דירע־געלט.
אַך, זענען דאָס הייזער! ווער אונז גוטס גינט!
איינס: ווי אַ האַרמאָניקע מיט געגילטע רעמלעך.
דאָס אַנדערע: אַ וואַסער־פּאַל פאַרפרוירן אין מיטן פאַלן.
דאָס דריטע: אַלפּנשניי גליט אַף די בערגשפּיצן אין מיטן
זומער.
דאָס פערטע: אַ קאָפּבאַדעקנס פון אַ בעדואינער.
מי זאָגט: אין דעם פּענט־הויז 2) דאָרטנאַ, אויבן אַפן דאַך,
בליען אמת׳ע גערטלעך מיט לימענע ביימלעך

(מי קען אין ניו יאָרק אַליין פאַרן קיין ערעציסראָעל, זיין אַף
די האַריי־יעהודאָ און שעפּן לופט און זיין אין דער שטילקייט!)

דאָ אונטן, נידריק באַ דר׳ערד איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש,
דאָ רייסט מען די ערד־קישקעס מיט שטאָל־שטאַנגען אַזוינע
מי שמעלצט אַספּאַלט מיט אַצעטאַלין־פאַקליעס.
די קאַנאַל־קישקעס גיבן פון זיך אַרויס פוילקייט און באַצילן
און אַ בייסיקן רייעך.

נעכטן בין איך געווען שפּאַצירן אינם טאָלשניט, וואָס צישן
ריווערסייד דרייוו און דעם האָדסאָן.

1) וואַט—קילאָוואַט—מאָס פאַר עלעקטרישע קראַפט.
2) אַ וואוינונג אויף סאַמאַ העכסטן שטאָק פון די רייכע הייזער.

ס'איז געווען סעפּטעמבער כוידעש, יאָר 1930—דאָס יאָר פון
פון גרויסע היצן
און אויסטריקעניש אף די פעלדער פון דאַקאָטאַ.
צעשפּרייט אפן גראָז, האָבן שאָטנס פון האָלעדראַנעס
געפּאָכעט מיט דער נשמה

(דער דאַרער סעפּטעמבער האָט צוגעפּרעגלט די
בלעטלעך פון די ביימער און זיי געלאָזט הענגען
דאָרט נישט טויט נישט לעבעדיק.)

ווי שיין איז דער „דרייוו" באַנאַכט! ווי שיין דאָ איז!
ס'וואַסער נעצט און פרישט די לופט,
לאַבירינטישע טרעפּ פירן אַרויס צום יאַכט-קלוב.
יונגע פּאַליעס פּאַטשן זיך איינס ס'אַנדערע אין די
הינטערנדלעך און האָבן דאָפון פאַרגעניגן.
דער פּאַרק איז אַ לונג וואָס פּאָמפּעט לויפט אינם גוף פון
ניו יאָרק מיט אַזאַ טרייפענער מין גוורע!

איך האָב מיך צוגעזעצט אין דער טונקל, וואו די שלעפּערס
קומען אויסנוצן זייער ליבע—ווייט פון אַ לאַמטערן.
און איך האָב געזען פייערלעך אַפן האָדסאָן.
און איך אַז איך זע פייערן פינקלען אַפן האָדסאָן, ווערן מיינע
גרינע אויגן, ווי דערשראָקענע פישלעך, וואָס זוכן וואַסער.
איך האָב מיך אויסגעצויגן אַף אַ באַנק, אויסגעהוסט פון זיך
די מידקייט און דעם שטויב און דעם רויך, און דעם טאַאַם
פון טערפּעטין

וואָס קומט פון די שטיגן
אין מיין הויז, וואו די וואַטערקלאָזעטס זיינען שטענדיג קאַליע
און די טרעפּ זיינען זויער,
און די לופט איז צוגעלייגערט
און דאָס האַרץ פאַרביטערט.
איך האָב געוואָלט איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַ ברום טוען
אין דער נאַכט אריין, ווי אַ בער, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן
פון דער קעיט, און אַ מאַך טון: וואַהההה, וואַאַאַף!
ווי איך האָב דערהערט אַ לאָקאָמאָטיף זידן אונטן אַף דער
ליניע,
און איך האָב דערזען ווי אַ קופּלער מיט אַ לאַמטער

גיט סיגנאַלן צו דעם הויכן דאַרטן, אַפן קאַבוז 3) פון דער פראַכטבאַן.

אַ שלאַנג פון וואַגאָנעס האָט געוואַרט אַז אַן אויל-פאַר-שמירטע קנופּיקע האַנט

זאָל מזאַווענ-זיין דעם ער-שרויף מיט דעם זי-שלאָס.

די רייכע שמענדריקעס פון ריווערסייד, זענען אַוואַדע באַ דער שאָ

געלעגן אין די גאָלדגלעזערנע דאַך-הייזער

און געפּאָרט זיך מיט זייערע זיען

און צוגעגרייט אַרבעט פאַר שוואַרצע דינסטן און וועשערינס.

נאָר דער-דאָ מיטן לאָמטער האָט געפּאָרט שטאָלענע וואַגאָנעס:

אַ זי-שלאָס מיט אַן ער-שרויף,

און צישן פּאָרונג פון שטאָל מיט שטאָל

איז געווען אַ מענטשנס לעבן אין קאָן.

אַז וואַגאָנעס פּאָרן-זיך זענען מענטשן מיטן לעבן נישט זיכער.

אַז די הויכגעבוירענע פּאָרן-זיך איז אויך אזוי.

פאַר זייער קופּלען-זיך, פאַר זייער הורן-זיך

פאַר זייערע קעפּסווייבער, און זשיגאַלאָס, פאַר זייערע בויך און בעט פאַרגעניגנס, גייסטע אָפּ מיט שווייסיק בלוט—

אַ, קופּלער פון וואַגאָנעס!

העי, דאַרטן, קופּלער פון וואַגאָנעס!

לאָז די וואַגאָנעס אַף אַ מינוטקעלע

(קיין איין וואַגאָן וועט אַן דיר נישט אַנטלויפן).

און האָרך אויס די רייד פון אַ כאַווער:

איך ווייס דאָך זייער גוט אַז אויב צוויי וואַגאָנעס וועלן דיך היינט-מאָרגן נישט צעקוועטשן

ווי זיי האָבן צעקוועטשט דיין עלטערן ברודער דזשאָן הענרי, וועסטו אַוואַדע בלייבן אָן אַרבעט, אָן ברויט,

און אזוי ווי סי גייט צו ווינטער,

וועסטו שלאָפן אַף דער בויערי, מיט דער נאָז צו דער וואַנט שטייענדיקערהייט,

זיך צו שיצן פון גאַזלאָנישע ווינטן, וואָס באַפאַלן ניו יאָרק אין נאָוועמבער-דעצעמבער.

3) קאַבוז—לעצטער וואַגאָן פון אַ פראַכט-באַן.

און עסן וועסטו אָפּפאַל פון די פּעסלעך,
און שלינגען וועסטו ניכטערן שפּייעכץ, טרערן און פּאַרזאַטן בלוט
און האַלטן די האַרטע קיליקעס אין קעשענע ווי בערן אין אַ פייגלשטייג.
און דאָ-אָ, אויף ריווערסייד, (צי הערסטו קופּלער?) וועלן בלישטשען
אונזערע רייכטומען, אונזערע גלעזערנע פּענט-הייזער,
אונזערע שטיינערנע וואַסערפאַלן, האַרמאָניקעס, אַלפּנשפּיצן, בעדואינישע קאַפּשלייערס.
אין אַ סך בלאַנקע, קרישטאָלענע פענצטער וועט זיין פינצטער
ווייל קיינער וועט דאָרטן נישט זיין פאַר וועמען מי זאָל מאַכן ליכטיק.
גאַנצע וואַגאָנעס טרויבן, ווייץ, פּאַפּשויעס, מערן, פּעטרישקעס,
גרייפּ-פרוכטן, באַנאַנאַס און וואָס אַ מויל קען אַרויסריידן
וועט מען וואַרפן אינם האַדסאָן אַריין.

(דער האַדסאָן וועט זיך אָפּווישן ס׳מויל אין אַ שיף און גאָרנישט זאָגן).
און פרעג איך דיך, אַ, קופּלער פון אייזנבאַנען, וואָס וועסטו טוען, האַ?

אַ, קופּלער פון אייזנבאַנען, טו עפּעס!
צו וואָס זאָלסטו שלאָפן אויף דער בויערי שטייענדיקערהייט,
מיט דער נאָז צו דער וואַנט,
אַז דו קענסט שלאָפן אין פּראַכטיקע הייזער אין אַ ווייך בעט אויף ריווערסייד-דרייוו?!
צו וואָס זאָל דיר אויסגיין דאָס האַרץ נאָך אַ שטיקל טרוקן ברויט,
אַז דו האָסט אַזויפיל רעסטאָראַנען מיט געבראָטענע טויבן?

צו וואָס, אַ קופּלער פון אייזנבאַנען, זאָלסטו אַרומגיין דאָרשטיק
און פּאַרשמאַכט, אַז אין דיין לאַנד בליעט דער ווייַנשטאָק
און דער מילגרוים?
צו וואָס זאָלסטו אויפשטעלן די האַנט און בעטלען אַ סענט,
אַז גאָר דאָס גאָלד פון דער גאַנצער וועלט איז בא דיר
אין די הענט?

אָ, קופּלער פון אייזנבאַנען, באַדענק דיך!
קופּל־צענויף שטאָלענעם געדאַנק מיט שטאָלענעם געדאַנק,
און מערק ווי גרינג דיין געדאַנקנבאַן באַוועגט זיך,
איבער גלאַטע, גליטשיקע, גלאַנציקע רויטע רעלסן!
מיט דיין אויפגעהויבענעם לאַמטער גיב אַ סיגנאַל,
אָ, קופּלער פון אייזנבאַנען, צו אונז אַהער אַף יוניאָן סקווער!
לאָז וויסן, צי דו פאַרשטייסט מיין שפּראַך, אָ, כאַווער!
די לענדלאָרדס האָבן שטיקלעך פּאַפּיר, וואָס באַווייזן אַז די הייזער זענען זייערע.
דו אָבער האָסט אַף די־אָ שטיינפּלאַצן
דיין בלוט און שווייס פאַרגאָסן.
דו אָבער האָסט געשלעפּט די ציגל און די בעלקעס, די ניטן,
די שלעסער און די קלעמען, וואַפּנע און צעמענט.
אַראָפּגעפּאַלן, צעקוועטשט געוואָרן פון אַן אייזערנעם בעליק.
זייערע „דיהדס" זענען געזיגלט מיט טינט און מיט גאָלד,
דיין שטאַר־מכירע, אָ, קופּלער פון אייזנבאַנען, איז גע־שטעמפּלט מיט בלוט.
דיין „היפּאָטעק" איז גאַראַנטירט און טאַבעלירט מיט דער מאַכט פון דיינע הענט.
מיט דעם שטאָל פון דיינע ריפּן,
מיט דעם מוט פון דיינע העלדישע מאַיסים.

העי־האָ! צי הערסטו מיך קופּלער פון אייזנבאַנען?!
צי הערסטו מיך? — האָ־לאָ!! — מיין קאָל איז אַ סירענע,
דורך מיר רעדט דאָס קאָל פון מיליאָנען ברידער, פון מיליאָנען שקלאַפן.
מיין האַלז איז אַ לייקע פאַר דעם געשריי פון די פאַרפּייניגטע
און באַליידיקטע, אויפוואַכנדיקע, פאַרשקלאַפטע.
האָ־לאָ! דזשאָן הענרים ברודער, וואָס איז צעקוועטשט געוואָרן פון צווייַ וואַגאָנעס

הער זיך צו, און גיב אַ צייכן, אַז דו האָרכסט, אָ, כאַווער!
אַ צייכן גיב, אָ, ברודער פון דזשאָן הענרי!
צי הערסטו מיך — אַה? האָ־לאָ!

אויב יאָ,
גיב דריימאָל
אַ דריי
דיין לאַמעטר.
וואַן, טו, טרי!
אָלל עבאָרד פאָר די יונייטעד סאָוויעטס אָוו אַמעריקע!

## אומעטיק שטרוי

אומעטיק שטרוי אין פייער צעלאַכט זיך,
אַ סאָסנע — אַ לייכטער מיט פינגער צעלויכט זיך,
אינמיטנדערנאַכט אַ בליוואַלד צעבליט:
אייזערנע רויזן אין פלאַקער צעגליט.

העי־האָ און הי־האָ מיין סרייפע!
מיין ליכטיקע, ציכטיקע סרייפע!

אומפלייט אַף בלעטער און שלאַנגען צעשראָקן,
דאָס פּאָנים פון כוישעך׳מיט העלישע פּאָקן.
אַ טאַיווע אַזאַ דאָס נאַכטהעמט פון נאַכט —
צעררייסן מיט פייער, מיט קויל און גראַנאַט.

העי־האָ און הי־האָ מיין סרייפע!
מיין ליכטיקע, ציכטיקע סרייפע!

קומט וואַרעמט די הענט, קומט זעטיקט די אויגן,
איר ברידער און שוועסטער פון פינצטערן בוידעם;
קומט קוויקט זיך די הערצער, קומט נעמט פולע פויסטן
מיט שטיקער פון פלאַמיקן, לעכטיקן דרויסן.

העי־האָ און הי־האָ מיין סרייפע!
מיין ליכטיקע, ציכטיקע סרייפע!

## ליריק אָן אַ זייט

דאָס בלאָע בליען פון ליין,
דאָס שווידערן פון פרילינג און די וואָרצל פון אַ ווילדן קנאָבל,
דער פייל־געזאַנג פון שוואַלב אין אַ ציטער־לופט —
דאָס אַלץ באַנעמט ס׳האַרץ — — פאַרבייגייענדיק.
פעסטער, אָ, ווילן, פעסטער!
דער ווילן איז אָנגעצויגן פעסט אַף פידלען פון שטאָל.
געדאַנק אָן אָפּגערועטער אַף
בלאָען בליען פון ליין,
אַף שווידערן פון פרילינג אין די וואָרצלען פון ווילדן קנאָבל, —
כאַפּט זיך אויף אַף הייסן, פיניקן פערד פון קאַמף,
און פאַר די אויגן שטייט אַ סוינע,
און פאַר די אויגן שטייט אַ בוים,
אַף וועלכן ע ר הענגט,
אָדער א י ך.

## דער וואָלף גייט

וואָס האַלעלאַיעט אַזוי דער געלער האָן
אַפן פּלויט? דער שוואַרצער האָן
וואָס האַלעלאַיעט?
וואָס קראַקען די פינצטערע קאַניעס אַף אָפּגעדאַרטע
צווייגן פון אַ בוים מיט לישאַיעס?
וואָס ציטערן אַזוי די שפּערלינגלעך
הינטער פאַרנעצטע, פאַררויכערטע סטריכעס?
דער וואָלף גייט! דער הונגעריקער וואָלף גייט!
אַ זייל מיט רויך פון נאָזלעכער צעצאָרנטע;
און אַז דער וואָלף גיט אַ שפּרונג, איז זיין שפּרונג
דער שפּרונג פון אַ וועלט אונטער זיינע קלאָעס.
און די ערד צעברעכט זיך ווי אַ דאַר ברויט,
און דער געשריי פונם
געפּייניקטן, הונגעריקן, פרייגעלאָזטן וואָלף,
איז ווי אָנגעגליטער שטאָלענער שפּאָן אין האַרץ
פון די קליינע, צעשראָקענע כאַיעלעך.

## באַפרייאונג

מיט קייטן
זענען מיר אַף דער וועלט געקומען,
מיר שקלאַפן.
מיט טרומייטן
וועלן מיר פון דער וועלט אַוועקגיין,
מיר פרייע מענטשן!

מיט שווערדנפלאָם האָבן מיר די שווערד צעבראָכן,
מיר געפּייניקטע,
מיט פרייע, געדולדיקע אַקסלען, ווי אַ וואָג פאַר גערעכטיקייט,
וועלן מיר די וועלט טראָגן
מיר — די גערעכטע!

# קונסט

עמעסע דיכטער?
גאָלד איז עמעס,
ווען מען היילט דערמיט אַ שלעכטן צאָן;
גאָלד איז פ אַ ל ש,
ווען עס צירט ס׳מיצל פון אַ קלאון.

אייביקע דיכטער?
אַ קראַנקע פליג אין לעצטע טעג פון האַרבסט,
קלעפּט זיך צו צום אומרו פון אַ זייגער,
הוידעט זיך און כאַלעמט: „אייביקייט“.

ריינע דיכטונג?
וועלכער ווין איז נאָך ריין אַזוי
ווי וואַסער פונם קוואַל?
און בלומען פון פּאַפּיר
דויערן לייגנער דאָך
ווי וואָרע בלומען.

„אייביקייט“? מיר לעבן אַלע אייביקייטן א י צ ט!
מיר קלינגען אין די טיפן, אין די הויכן;
מיר שרייבן בלויז אַזוי ווי עפּעס בליצט,
מיר פאַלן אינם פייער און מיר לייכטן.

דער אַש פון דוירעס, וואָו אַף אונז וועט ליגן,
וועט נישט מאַכן ביטערער אין מויל:
נאָכן טויט איז אַלעס גרינג און שטיל,
און שטאַרבן פאַרן לעבן איז גוט און וואויל.

## צו אַן אַרבקאַר

אויב דו האָסט עפּעס צו זאָגן, כאַווער,
און האָסט נישט קיין ווערטער מ י ט ו ו אָ ס צו זאָגן עס,
זאָג עס מיט אַ האַק,
מיט אַ האַמער.
מיט הענט פאַרסאַרפעט פון צעמענט,
מיט אַן עלעקטרישן ניטנשלאָגער,
מיט שער־און־נאָדל,
מיט פּיס אין פּיקעט־שיך,
מיט פאַרשטשירעטע פויסטן
— אין סקעבישן פּאָנים אַריין —
מ י ט ו ו אָ ס ד ו ק ע נ ס ט.
וואָרין:
אַן אויפגעהויבענע האַק איז אַ שטאַרקע פאָן.
„גיט'ס אַרבעט אָדער עסן, סאַנסאָוביטשעס!" דאָס בעסטע העלדנגעזאַנג.
„מיר קניען נישט. מיר בעטן נישט. מיר אָרגאַניזירן זיך און פאָדערן" —
די שאַרפסטע פּאָעזיע.
און קיין העכערס ווי הענט קויטיק פון ערלעכער אַרבעט,
און אַ שטערן בלוטיק פון קאַמף
איז גאָר אַף דער וועלט נישטאָ!

## צו דער „אינטעליגענציע"

. . . לויפן־אָן אַף אייך אַנגסטן ווי לייז,
אַז איר דערזעט אַז מיר באַגראָבענע אין די קוילנשאַכטעס,
פאַרשאָטענע אין די פלאַמפייערן פון פאַבריקן, פאַראיינזאַמטע
אַף די רעלצן באַנאַכט, מיט לאַנגע קלאַפּהאַמערס, קריכן אַרויס
פון אונזערע באַהעלטענישן: פון קעלערלעכער, פון
בוידעמדירעס,
פון אונטער די מיסטבערג פון „הואווער־סיטי", פון די קאַלטע
לאַגערהייזער,
פון צווישן די באַנשלוסן, פון די שיפגעדערים, פון די
רעשטאָוואַניעס,
פון די פריצישע שטאַלן, פון די שלאַכטהייזער, סובמאַרינס,
דרעדנאָוטס,
דעסטראָיערס, לופטשיפן, פאַוער־הייזער, מיסט־סקאָולס,
סאָבוויים, קאַנאַלן. — אַנאיינעם מיטן רויך פונם שפיצקוימען
פון העכסטן שטאָלווערק
קומט אַרויס אונזער פאַרריסט פּאָנים און סי גרינצט מיט
שפּיציקע ציין,
און צווישן רויך אין דער הויך פונם העכסטן קוימען,
און מיט אַ קאָפּ העכער פונם אייגענעם קאָפּ
איז די פ ו י ס ט. אירע קנאָכן ווייס פון צאָרן גרינצן
ווי ציין:

— „באַצאָלט אונז!"

האַ? פון „גייסט" רעדט איר? פון „נעשאָמע" רעדט איר? פון
„קונסט" רעדט איר?
און פון ברויט רעדט איר נישט! און פון אונזער שווייס און
בלוט רעדט איר נישט!
און פון דער ערד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט אונזער בלוט־און־
שווייס
רעדט איר נישט!

און אַז איר זעט די ערד — זעט איר „בלומען“, און מער זעט
איר נישט!
און אַז איר זעט ברויט — זעט איר אַ פעלד מיט „גילדענע
זאַנגען“,
און אַ פויגל שפּילט דאָרט, און אַ מיידל זיצט דאָרט מיט אַ
באָכער
און זיי האַלטן זיך בײַ די הענט און רעדן פון געטלעכער ליבע...
און דאָס בלוט וואָס לויפט איבער די אויגן פון די צעשפּאָלטענע
קעפּ,
אַז מיר בעטן אַ גרעסער שטיקל ברויט, פון דעם ברויט
וואָס מיר באַשאַפן — פון דעם־אַ בלוט קערט איר אַוועק די
אויגן,
איר ווילט מיט דעם נישט האָבן צו טוען,
סיידן איר זעט דאָס אין טעאַטער, באַפּוצט מיט לידלעך און מיט
„ראַכמאָנעס צו די אָרעמע“ — דער „הונגעריקער“ געשפּילט
פון אַ לאָבוז אַ געמיינעם
וואָס פאַרדינט 500 דאָלאַר אַ וואָך!

דערזעט איר אַמאָל אונזער נויטשוויים, דערהערט איר אונזער
הימל־געשריי, —
אַנטלויפט איר אין קאָבינעט אַריין, קוקט אַרויס דורכן פענצטער
און ווערט פאַרציטערט פון געדאַנק, אַז אונזערע נעגל
וועלן דערגרייכן אייער האַלז אויך... אַז מיר האַלטן אויך
אייך
פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די געניג פון די ראָצכים,
וואָס קוילען אונז אין קאַלטן בלוט — ווייל איר זענט די
לערער די פירער פון די ראָצכים,
וואָס קוילען אונז אין קאַלטן בלוט.
... דעמאָלט לויפן אַף אייך אָן אַנגסטן ווי לייז, און
שווייסנטראָפּנס שווערע
אַף פּעטע נעז מיט ברילן, איבער דערשראָקענע ליפּן, וואָס רעדן
צו זיך אַליין:
— מיר האָבן מיט דעם גאָרנישט וואָס צו טון. —
— מיר מישן זיך ניט. —

אַה, איר וועט זיך מישן!...
איר וועט נאָך האָבן מיט דעם צו טוען — אַ סאַך, אַ סאַך...
מירן נישט צורו־לאָזן די צעהאַקטע שלאַנג ביזוואַנען אויך איר אָפּגעהאַקטער קאָפּ
וועט זיין צעהאַקט.
אָט אַ טראָט און אַ טראָט און אַ שפּאַן און מיר זענען דאָ!
אין לאַנגער־לאַנגער, אייזערנער מענטשנלענטע,
וואָס ציט זיך, דרייט זיך, און ציט זיך, איבער דער וועלט,
איבער דער וועלט איבער דער וועלט.
קלינגענדיק מיט טריט ווי קלאָלעס געמאָסטענע,
פלאַמנדיקע לאָזונגען, פּלאַקאַטן, מוסקולן, געווערן, —
מיט לאָפּיטעס, קאָטשערעס, אייזנשטאַנגען, סערפּעס, ביקסן, גראַבליעס —
וואָס די האַנט וועט נאָר געפינען.

איז וואָס וועט איר טוען אינטעליגענטן? אָה מי ווייסט:
אַנגסטן ווי לייז וועלן לויפן אַף רוקנס צעבויגן באַ ניטשע־טראַקטאַטן.
ווי שרעק פאַרן טויט וועט זיין אייער שרעק פאַר רויטע פּלאַקאַטן..
אַף טייכן פון מאַסישן צאָרן צעברויזטן אַ קליאַדקעלע זוכן —
וועט פריינט קולטוריסטן? און שפּריצן מיט גאַל און מיט פלוכן?
עס וועט גאָרנישט העלפן! און ווער וועט דען הערן דיין הארצקלאַפּ
אַף לייטערל־קליאַדקע? —
אַז אונטן וועט רייסן אַ טהום, אַז אונטן וועט ערד זיך צעשפּאַלטן
און לאַווע פון מאַסישן קויעך וועט גיסן אין בראַנדיקע בראַיען.
. ... איז וואָס וועט איר פאָנפען, כ׳בעט אייך? פון בלוטיק, טאַנאַכל אָרוים —
די פסוקים געקרייזלט ווי עקדיש אין שלאָף, נאָר מיט סאָם איבער בייגל פון שלאַנג און פון „הייליקן” פּאָסיק?
איז וואוהין וועט איר צילן מיט רויש פון צוויי פליגל פון לייוונט
אַף פּעטינקע, ראָזעווע, רונדיקע פלייצעלעך צוויי פון אַ קורווע?
איז וואָס פאַר אַ „הייליקע” רייד וועלן סלינען אַף בלוטפּעטער באָרד

פון מויל וואו כאַלעף ליגט נאָס נאָך און פריש מיט דער שכיטע,
און פריש נאָך און נאַס נאָך מיט בראָכע פון שכיטע־
אַקדוישע ?...
הערט זיך אויס איר פון דער „גאָלדענער יוגנט“ און „גאָלדענער
פאָן“ :
א י י ע ר ש אָ ה אָ ט ג ע ש ל אָ ג ן !

---

אייער וועג פירט צום וואַסער, דאָס וואַסער צום אָפענעם יאַם.
ווי ראַצן צום רוף פון אַ וואונדער וואָס שפילט אַף אַ פלייט,
רופן מיר אייך און מאַניען מיר אייך צום וואַסער, צום וואַסער,
פון איטלעכער פינצטערניש,
פון אילע אונטערערדן קומט־אָן איר שטשערעס
און גייט אייער וויסטן סאָף אַנטקעגן.
אייער טאָג, שטשערעס, האַלט באַם סאָף, באַם סאָף.
איצט פלאַקערט אַף אייער פינצטערן געמיט
לעצטע אָפשיין־שפּיצעלעך פון טויטער שרעק,
וואָס האָט ווי פליגלען פון אַ שוואַרצן האָן צעפּאָכעט
ס׳פייער אינם גלעזל פונם צאַנקנדיקן לאָמפּ.
א ו ן ד ע ר ה אָ ן ב ר ע נ ט !
דער שווארצער האָן ברענט און זיינע שוואַרצע פליגלען
ו ע ר ן ר ו י ט !
און איצט איז די שאָ די פינצטערניש מיט פייערדיקן קנאַפל צו
צעטרעטן !
איצט איז א ו נ ז ע ר ש אָ, די שאָ פון שאָען.

איז קומען מיר, און רופן מיר, איז הילכן מיר
דערך אומענדלעכן טרומייט פון טויזנט־טויזנט פויסטן
צוגעשטעלטע איינס צו איינס — אין מיטן העלן לעבן אריין :

— די שאָ איז שוין דאָ !
— די שאָ פון דין און פון כעזשבן.
מיט האַנט אַף בלוטגעשוואָלענעם נאַקן פון בופלאָקס נעקאָמע
שטייט אָיווערבאָטעלער קאָרבן
און שמייכלט :
„עקסעלע ! עקסעלע !“
אָבער דעם „עקסעלע“ גייט שוין אַ גרין רויכל פון נאָז,

און אַז ער בייגט־איין זיין נאַקן איז אייער טויט !
אָה, איר לייט פון אינטעליגענטישן סעדאָם־און־אַמוירע־קלאַס
עס האַלט שמאָל מיט אייך, ווי סי האַלט שמאָל
מיט דעם קלאַס וועמנס פּאָנים איר צירט ווי אַ קרויזיגע באָרד
אַף אַ פּאָנים וואו די נאָז איז צעפרעסן
און סי שטעקט בלויז אַ ביינדל אַרויס, און צוויי לעכלעך !
דער צייגנדיקער ריזנפינגער פונם יאָמהאַדין
באַנעצט זיך שוין אָן ליפּ
אַף אָפּצווישן אייך פונם פּאָנים פון דרערד,
ווי אַ לערער ווישט־אָפּ אַן אַלטן כעזשבן פון קרייד
אַף אַ טאַבליצע,
אין אַ שקאָלע, וואו אַלע וועלן זיך באַלד צעפאָרן אַף זומער,
און וואו די שפּינען בלייבן אײנינקע אַליין
אַף די שטיקלעך שפּינוועבס, און פרעסן זיך איינס־ס׳אַנדערע . . .

## טאָמי, דער שוסטער

(באַלאַדע)

טאָמי דער שוסטער
האָט נישט געהאַט וואָס צו שוסטערן,
האָבן צוויי הענט ווי די בערן
גענומען געניצן און פּוסטעווען.

האָט אים די נאָל נישט געטויגט
און די דראַטווע נישט גענוצט,
איז ער געזעסן אין בעטערי־פּאַרק
און אַ שטיקל שטעקעלע געשניצט.

האָט ער געקוקט אַף די טייבעלעך
וואָס מ׳וואַרפט זיי צו זערנעס;
און געטראַכט, אַז דאָס לעבן
איז מיזערנע, מיזערנע.

אוי, פון שניצן אַ שטיקל שטעקעלע
האָט׳ן דאָך נישט קיין פּאַרנאָסע.
נאָר זומער איז זומער —
איז שלאָפט׳ן אַף די גראָזן.

וואָס טוט׳ן אָבער ווינטער?
אַ קלאָג צו מיסטער הואָווערן!
צוועלף מיליאָן מענטשן
שוין פרירן און הונגערן.

שטייט מען מיט די נעז
באַ די רעסטאָראַן־שויבן,
אָדער מ׳קוקט ווי בורזשויען
וואַרפן ברויט צו די טויבן.

שלאָפט'ן אין די היילן
וואָס מ'גראָבט זיך אויס,
ערגער פון הינט אין גאַס,
ערגער פון כווייסאַליינישוואָס!

כאַטש נעם און שלאָג די ערד,
כאַטש וויין פאַר די וועלף,
און וואָס וועט עס טויגן?
און וואָס וועט עס העלפן?

האָט טאַם געפּריפּט, ווי אַלע
אַ פּעדל טון מיט עפּעל,
האָט ער פאַרדינט אַקוראַט
אַ פּעני מיט אַ קנעפּל.

פלעגן טייל עפּל אַ פויל-טון
אַזוי ווי די בורזשואַזי,
האָט ער שוין פאַרדינט גאָרניט
נאָך מיט האַרצווייטיק דאַצו.

(שלעפּן די עפּל פונם מאַרקעט,
זיך שטעלן באַ אַ מואווי,
גלייך דער בלינדער מיט די פּענסילס,
וואָס בעטלט אַ נעדאָוועֹ!)

ווערט טאָמס בויך דינער, דינער,
די ליפּן בלויער, בלויער.
אַזאַ יונג ווי אַ בריטאַן,
אַזאַ יונג ווי אַ מויער!

זשאַווערן פויסטן און האַמערס,
זשאַווערט שיכט נאָך שיכט,
אין לאַגערס פול מיט ברויט
גייען מענטשן אוים ווי ליכט.

אין לאַנד פון אַלדעמגוטן
גייען די אַרבעטאָרער אום —
ווי אַ בלוטיקער שפּיי,
אַזוי שטיל, אַזוי שטום . . .

האָט ער אַ וואָרף געטון די עפּל
איז אים געוואָרן אַ טראָפּן גרינגער,
האָט ער גענומען גלאַט־אַזוי־זיך
צו שטאַרבן פון הונגער.

די וועלט אַזוי גרויס
און דער מענטש אַזוי קליין,
אוי שלעכט, גוטער ברודער,
וואָס סע קען ערגער נישט זיין.

איז זאַמלט זיך די נויט
און קאָפּטשעט זיך צונויף:
אַ פונק אַף אַ פונק
אַ קנויט באַ אַ קנויט.

רעדט מען מ׳עט דאָס טאָן.
רעדט מען מ׳עט יענעם טאָן;
אין הערצער מיליאָנען
ברענט די רויטע פאָן.

ס׳עט ווערן, ס׳עט ווערן,
אין דעם איז קיין פראַגע נישט.
נאָר בעסער דערווייל
ווערט די שווערע לאַגע נישט.

דער הונגער ער פייניקט
און פייניקט און פייניקט —
ס׳האָט הונגער און פינצטערניש
זיך פאַראייניקט, פאַראייניקט.

איז וואָס טוט׳ן? וואָס טוט׳ן?
עס ווערט נישט גרינגער, נישט גרינגער.
כאָטש מיליאָנען הענט ליידיקע
גרייכן זיך מיט שפּיצפינגער.

שוין פילט׳ן אַ שטיל דונערן;
פון אונטער דרערד — רויכלעך.
נאָר דערווייל גייט דאָס לעבן
געלאַסן ווי געוויינטלעך.

און טאַם איז פאַרוואָרלאָזט
אַ בינט גייענדיקע שמאַטעס...
ער ווייסט שוין נישט וואָס שלאָפן אין אַ בעט
און וואָס צו זיין זאַט איז.

העלפט דער „איבערשטער“ און טאַם
קריגט פון אַפּענדיסיט אַן אַטאַק,
און כאַלעשט זיך אַוועקעט
אין סאַמע מיטן גאַס.

שטערט ער דאָך די רו,
נעמט׳ן אים אַוועק אין שפּיטאָל.
זעט׳ן דאָרטן אַז מיט טאַמין
האַלט עס זייער שמאָל.

נעמט׳ן און מי מאַכט אים
אַפן בויך אַ שניט,
און מי ראַטעוועט אים אָפּעט
פון אַפּענדיסיט.

דעם צעשניטענעם טאַמין
איז איצטער נישט שלעכט;
מ׳זשאַלעוועט אים נישט אַפילע
אַ פּאָר גילדענע שטעך.

אַ בעטל אַ ריינס
און אַ נוירם — אַ שוועסטער —
טאַפּט אים באַם דויפּעקל
און זאָגט: ס׳עט זיין בעסער!

דער עלנטער טאַמי
איז איצט שוין נישט עלנט,
ראָקטוירעמלעך־סטודענטן
קלאַפּן אָפּעט די שוועלן.

און די נוירם טאַקע אַליין,
אַן אַרבעטער־מיידל,
אָנגעטון ציכטיק:
ווייסע הויב און ווייס קליידל.

אַ זילבערן זייגערל
אַף איר בריסטל דעם שיינעם;
אַ האַרץ מיט אַ זייגערל
פאַר אים קלאַפּן אינאיינעם . . .

דאָס עסן ווי דאָס עסן,
נאָר נאָכן „איטהער" שפּילט פאַנטאַזיע
גאָר שיינע כאַלוימעס:
די וועלט נאָך דער אָפּעראַציע.

און שוועסטערלעך שיינע
אין רויטינקע הויבן,
און פּעניצלעך מאַרצאַפּאַנעס
און געבראָטענע טויבן.

און כירורגן וואָס שמייכלען
כאָטש פאַרבלוטיקט און שווייסיק:
געהיילט און געראַטעוועט,
נו, אַ סאָף און אַן/אייסעק!

אַזוי כאַלעמט מיין טאַמי
אונטער אַ וואַרימער קאָלדרע,
און די נוירס די יונג-שיינישקע
קריגט ער האָלדער און האָלדער.

אַן אַרבעטער-מיידל,
ווייסט זי דער שפּיטאָל איז פאַרדאַרבן,
און נישט איין אָרימער מענטש
ווערט דאָ נעבעך אַ קאָרבן.

פלעיגט זי טאָמין מיט ליבשאפט.
און מעסט אים דעם דויפעק,
און טאָמין געפעלט דאָ
דער גאַנצענער אייסעק.

בעט ער די נוירס
זיך זעצן באַם בעט אַ מינוט,
און ער זאָגט איר: ער פילט גאָר
די מינצטע יעסורים ניט.

ברענגט זי אים זופּ
האָט עס אַ טאַם ווי... אומזיסט;
נאָר אַלץ בעסער ווי קלויבן
שטיקלעך ברויט פונם מיסט.

די „שוועסטער“ איז אַ מאַמע,
אַז זי באַנדאַזשירט אים איבער,
פילט ער טאַם-גאַניידען,
פון גוטסקייט און פון פיבער.

בורזשוען ברענגען רויזן,
בלומענבעזימער פלאַמען,
איז די נוירס קיין נאַר נישט
און גאַנוועט-צו עטלעכע פאַר טאַמין.

איז דאַכט זיך גוט — איאָ האַ?
איז אָבער נישט גוט: ס׳ווערט אים בעסער,
און ס׳קוקט אַף אים קרום שוין
דער האָספּיטעל־פּראָפעסאָר.

און די נוירס וואָס ווייסט זי?
זי גלעט אים מיט גוטע רייד:
איר׳ט באַלד אַרוים פון שפּיטאָל
און איר׳ט זיין אָלרייט.

און אַז טאַם דערהערט דאָס,
טוט ער אַ ביטערניש דערשפּירן:
ער טראַכט פון בעטערי־פּאַרק,
פון הונגערן און פרירן.

ער טראַכט: „וועלט אַזוי גרוים
און איך אַזוי קליין“ . . .
און ער פילט ער ווערט עלנט,
און ס׳האַרץ — ווי אַ שטיין.

נאָר די נוירס איז דאָך גוט.
וויל ער זי נישט מצאַער זיין,
דאַרפן האַלטן פּאַסאָן,
מ׳טאָר נישט קיין נאַר זיין.

נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג
און טאַם טוט שוין אָן ס׳רעקל.
ער זעגנט זיך מיט דער נוירס,
און נעמט אונטערן אָרעם ס׳פּעקל.

(ס׳פּעקל האָט ער געקראָגן
פון די „וועלפעיר־באָרד־לײדים“,
אַ כויץ אַ פּאָר קורצלעכע הויזן
און צוויי לענגערע רעדעס!)

די נוירס פרעגט וואו ער וואוינט,
זאָגט ער איר אַ נומער;
איז זי גוט אויס־דער־נאַטור,
באַגלייט זי אים אַרויס פונם צימער.

און דריקט אים די ברייטע האַנט
און גיט אים שיר־נישט אַ קוש,
און טאַם קוקט זי אָן ליב
און האָט גאָר קיין ווערטער נישט.

זי דינגט טאַמין אַ טעקסי
און הייסט אים פירן אַהיים,
טאַם ווערט זיך אַביסל:
מ'דאַרף ניש, כ'לעבן אַז ניין.

און ער צעקושט זיך מיט דער שוועסטער —
דאָס אַרבעטער־מיידל
אין דער ווייסער הויב
מיטן קלאָר־ווייסן קליידל.

זעצט זיך טאַמי אין טעקסי
מיט אַ זשעסט אַ גרויסן.
און הייסט זיך פירן אַ ה יי ם,
א י ן נ י ו י אָ ר ק ס ד ר ו י ס ן...

צום בעטערי־פּאַרק קריק,
צו הונגער און צו קעלט.
אָך איז דאָס לעבן!
און אַך איז דאָס אַ וועלט!

זיך געראַטעוועט פון טויט —
קעדיי דעם טויט זיך צו געבן
מיט אַזויפיל קראַפט, אַזויפיל ווילן,
נאָר צום לעבן און צום לעבן.

טאָם זעט די בויערי שוין
דעם העפקערדיקן דרויסן . . .
און מיידלעך געפּאַרבטע,
וואָס פעדלען מיט די שויסן.

נאָר דאָס פּאָנים פונם מיידל,
די האַרצעדיקע שוועסטער,
נישט אַזוי גיך, נישט אַזוי גיך,
נישט אַזוי גיך פאַרגעסט ער.

און שלאָפנדיק אין פּאַרק
מיט דראָזש אין יעדן גליד, —
טאַפּט זיך טאָם באַם בויך
דעם טייערן שניט.

(ער טאַפּט דאָס ווי אַן אָנדענק
פון אַ גילדענער צייט.
וואָס איז פאַרגאַנגען, פאַרגאַנגען
אין דער בלאָלעכער ווייט).

ער טראַכט פונם שוועסטערל
מיטן זילבערנעם זייגערל,
וואָס מעלדט פון בעטעלע
מיט אַ גילדן ערעוו־פייגערל.

ער זעט ווי זי שמייכלט
און גרייט יאָד און דאָס מעסער,
און זי זאָגט: ס׳דאַרף קומען באַלד
דער רויטער פּראָפעסאָר.

אַ זיפץ און אַ שמייכל:
מע׳ט נאָך שניידן און שניידן.
און פון בלוט און געשרייען
נאָך דערציילן אין פריידן . . .

# כאַווער הערי סימס

(דערהאַרגעט פון דער „קוילן־פּאָליציי" אין סטרייק־ראַיאָן פון קענטאַקי, ווינטער 1932).

באַגלייטן מיר דיך כאַווער סימס, צו לעצטער רו,
און שווערן מערדערס רו מיט ציין צעביסן;
מיר ציילן איצט די טעג, מיר ציילן איצט די שאָ
צו קענען אויסקויפן דיין בלוט מיט אייזן.

עס שטאַרבן אונזערע מישפּאָכעסווייז פון „פלאָקס"
אין מיינערס' כאַריווע כאַטעס פון קענטאַקי;
ווי כאַלעף לאַכט אַף האַלז פון געבונדענעם אָקס,
אַזוי לאַכן שעריף, באָס און גאַנמען אין קענטאַקי.

נאָר האַרדעס רוקן זיך, פון הונגער ברוין און בלוי,
באַ שוואַרצע דימענטן וואַכן די טאַליאָנים;
אַף פעלד פון פינצטערן שטיין עס פאַלט אַ רויטער טוי,
איז וואַשן קינדער זיך מיט דעם ס'פּאָנים.

צומאָל פאַרפּלאָנטעט זיך אַ הענקער אין זיין שטריק,
פאַרטשעפּעט זיך און פאַלט און ווערט דערשראָקן;
פון פאַכעד האַווקען הינט אין בלינדע ליקן,
פון שוידער בימבלען ווינטנפולע גלאָקן.

עס וויגט דער מאַלכאַמאָוועס אייגן קינד אין וויגל,
און זינגט אים פון אַ פאָן אַ שוואַרצע־ווייסע־בלאָע,
ער שטעלט אים צו די פיס מיט בלוט אַ פולן קריגל,
און גיט אַליין אַ לעק און האָט האַנאָע.

אָה, גרויסע ערד, וואָס טראָגט אין האַרץ באַ זיך
ס'האַרץ פון אונזער הערי סימסען!

דיין יעדער ביטערע בלום, דיין יעדער זיסער דאָרן
פאַרצייכנט אונזערע בלוטיקע געווינסן.

און טויטעט אונז דער האַר דורך ווײסטן קנעכט,
און לעשט ער אַף אַ ווייל די שטים פון טויט־יעסורים;
עס וועט דערכבורעכן דורך טויזנטפאַכער נאַכט —
דער פלאַקער פונעם לעצטן שטורעם . . .

אָה, מאָרד פון סימס, גאַנזאַלעס און קאַטאַווים!
מאָרד פון סאַקאָ און וואַנצעטי!
מיר הונגעריקע, וואָס גייען נאַקעטבאָרווים —
מיר טוען זיך מיט איי׳רע נעמען זעטן.

ווי מאַמעס בריוו מיר טוליען אייך צום האַרצן
אין שוצגריבער און אַף די באַריקאַדעס;
ביז דעם טאָג וועט איי׳רע בילדער גלאַנצן
אַף מאָנומענטן און אַף די זיג־עסטראַדעס.

נעקאָמע בייסט דאָס קאַלטע, ביטערע ציימל,
זי בייסט די ערד; שיסט פונקען פון פידקאָוועס:
רעוואַנש פאַר סאַקאָ און וואַנצעטי!
רעוואַנש פאַר סימס און ליוויי און קאַטאַווים!

נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג און ס׳עט טאָגן!
באַם שיין פון מאָרגנשטערן וועט זוכן ווער אין רייסטער;
עס וועט וועגן פעסטע האַנט אַף דינע וואָגן —
אַיעדן מאָרד פון יעדן האַר און מיינסטער.

איז רו צו דיר, פאַרלאָשענער כאַווער סימס,
מיר, די ברידער דיינע, טאָרן איצט נישט רוען;
ס׳איז היים דאָס וואָרט, וואָס ווינקט פאַרפלאָמט צו אונז —
פון קייוועַרל דיין פרישינקן און רויען . . .

אַ באַרג מיט פויסטן קומט־אָן מיט געזאַנג,
אין יעדן אויג צוויי פלאַקערפליגלען ווייען,
וואָס מער עס פאַלן העלדן אינעם קאַמף —
דאָס מערער ווערן אָנגעפילט די רייען.

## טעג און נעכט

טעג זיינען אָפּן ווי וואונדן,
ערד איז פול מיט געוויין.
פרילינג קומט־אָן אַף צעריעטע פערד,
שטאָל־און־אייזן
שאָבט די וואונדן פון דער ערד,
פאָנען
ווישן פון פּאָנים פון דער ערד
דאָס געוויין.

די זון איז צעגליט — אַ שטיין,
וואָס לאַפּירט די וועלט, מאַכט זי ריין.
די נעכט זיינען פול מיט אויגן,
אַ טייל אויגן זיינען פול מיט נאכט,
און די, וואָס האַרן אַפּן רויטן שטערן
די זעען זיך אָן וואונדער אַ סאַך.

## אונזער וואָרט

ס'איז גוט, וואָס אונזער וואָרט, דאָס וויכטיקע,
איז היינט שוין אין דער סאַמע שוסטער־גאַס,
דער אָרימער, דער דאָרשטיקער, ער טרינקט שוין
אונזער ליד, ווי מען טרינקט ביטער־קאַלטן קוואַס.

ס'איז פּראָסט און ס'איז גרוי, ווי זאַלץ אַף ברויט,
און נאַקעט און הויל, ווי דער טאָג.
ס'פעלשט נישט דער מענטש אין זיין מענטשישקייט,
ס'פעלשט נישט דאָס צינגל אין וואָג.

מיט האַק און מיט האַמער, מיט גלויביקייט
מיר פעלזעווען ווענט אין קאַלטער טיף,
אַף וואסערן בלוטיק־געשוואָלענע
גייט אונזער לעכטיקע שיף.

## רעוואָלוציע

צורוף:

נישט כליפּיקער פידל, נישט וויאָלינטשעל —
זאָל צערטלען געצערטלטע מענטשלעכע פעל;
נישט קלאַנגען באַם אַש אין דער ערדערנער אורנע,
נאָר פונקען צעשפּילן באַם קאָוואַל אין האָרנע.

נישט שאַלן די פלייט, נאָר פינקלען סיגנאַל!
און לייגן אַף רעלצן ווי ציילעם אַ שפּאַל.
דער לויפּיקער צוג, דעם פיינטס עשעלאָן
זאָל פליען אין שפּענער, מיט מענטש און מיט פאָן.

פאַרווישן די טריט פון זיין וועג, און דעם וועג
צערייסן ווי האָלץ אין ציין פון אַ זעג.
פאַרשטאָפּן דעם אויסוועג, צעשלעפּן די טרעפ,
און טויט־ענגער זיך שמידן פון סוינישע קלעפּ.

אָה, צעפּויק עס אַף פּויקן
אַף רויטע, צעפּויק,
די לעצטע מילכאָמע,
מיט גאָג־עמוגאָיג;
רע
וואָ
לו
ציע!

נישט האַרף און נישט אָרגל און נישט לידער פון באַך,
ווען ס׳קרישלען די זיילן און סי קרעקט שוין דער דאַך.
ווער שווימט מיטן שטראָם? ווער לויפט מיטן ווינט?
געפּלאַצט איז דאָס פאַס און געצויגן דער שפּינט.

רויט רינט אין רינוועס דער האָגליקער גראַס,
מיר טונקען באַגנעטן אין פלאַמיקן סאַס.
דאָס ליד ווערט אַ בלעזל פון שטאָלברייי אין וואַסער,
אַ זיפּץ פון אַן אייזן וואָס פון זיפצן ווערט האַרטער.

דאָס וואָרט איז אַן אויג וואָס וואָרענט און וואַכט.
די שורע — אַ גלישפּאָן אין אויער פון דער נאַכט.
דער הימל שוויצט גאַל פון יעדיינציקן צעל,
דער טויט ליגט פאַרבלוטיקט אינמיטן דער שוועל.

אָה, צעפּויק עס מיט פּולווער,
מיט בליי און מיט שרויט;
די גרויסע מילכאָמע
פון גאָג־עמוגאָיג;

רע
וואָ
לו
ציע!

אָפּרוף:

איך וועל פויקן, פּויקן
ביז די פּויק וועט סמאַלען פון אַ קויל.
איך וועל פּויקן
מיט צעפּלאַצטע פויסטן,
מיט שוים פון
אויסגעזעצטע ציין אין מויל.

איך וועל פּויקן
צישן גרויל און רויך
און קויט:

מילכאָמע
קעגן קריג
פון גאָג־עמוגאָיג.

מילכאָמע
קעגן פינצטערניש,
באַטרוג און רויב
מילכאָמע קעגן מאָרד
און קעגן טויט.

**רע**
**וואָ**
**לו**
**ציע!**

## צו די פּענקנעכט

מען קען דיך גוט, מען קען דיך אויסגעבונדן,
דו אידיש שרייבער פון וואַרשע און ניו יאָרק;
דו לעקסט די האַנט וואָס מאַכט אונז טויטע וואונדן,
דו נעמסט באַם פּאָלק אומשטערבלעכקייט אַף באָרג.

מען קען דיך גוט, דו פּעדער-מאַרקטענדערין,
מי ווייסט דו ביסט אין גאַסן פּאָפּולער.
דו ביסט פון גוף און גייסט די שענדערין,
דו פּעדלסט דאָך מיט וואַונד און פּיין און טרער.

איר קראַצט זיך איינס ס'אַנדערע די יאַקע,
זינגט זיך קעגנזייטיק פּעניגיריקס.
דער סאַמע איקר איז באַ אייך די פראַגע:
„צי דאַרף מען שטעלן אַ כוילעם צי אַ כיריק?"

מי קען דיך גוט, דו איסט-בראָדווייער „מילטאָן",
מי קען דיך גוט, דו קנעכט פון פּען און „פּעני",
עס וועלן דוירעם דיין געביין פאַרשילטן
און דיין שאָטן אַף דעם שייטער ברענען!

מי קען אייך וואויל, איר וויסטע ווערטערהורן,
מי קען אייך גוט, פאַרפּרישטשעטע מאַדאָנעס,
אַף מידבער-זאַמדן לאָזט איר אייערע שפּורן.
אין נאַכטטעפּ פלאַנצט איר אייערע וואַזאָנעס.

אָה, מי קען אייך גוט פּאַפּירענע „פּערגינטן",
מי קען אייך וואויל, איר פּענקנעכט און פּאָעטן;
באַם פייער פון אַ ברודער אַ פאַרברענטן
פאַרוויכערט איר געשמאַק די ציגאַרעטן.

# קאָמונאַרן

דערמאָנען מיר זיך, שטעלן מיר קיין לעכט נישט.
ס'איז קיין יאָרצייט נישט נאָך 60 יאָר קאָמונע.
עס איז רויטע, פלאַקערדיקע, לעבעדיקע עמונע.
מיר זיצן נישט אַף קוואָרים־גראָז און קוואַרן:
מיר זענען לעבעדיקע קאָמונאַרן!

יאָרצייטלעכט? מיר זענען זעלבסט די פּעכשטורקאַצן,
געצונדן אין דיקער ביטערניש, אין פעטער פּיין.
יאָ, מיר זענען יאָרצייטלעכט אַליין.
דאָס גרויסע, שלאָגנדיקע אַרבעט־האַרץ איז טרונע,
וואָס פלאַמיק ליגט דאָרט אויפבעוואָרט דאָס וואָרט קאָמונע.
מיט ציין און נעגל גייען מיר אַטקעגן גאָט און האַרן,
מיר זענען לעבעדיקע קאָמונאַרן!

עס האָט פּאַריז־ווערסאַל געלערנט אונז, אַז קעגן סאָנים
עס איז „איידלקייט" פון טויטנלעכט דער שנויץ.
פאַרגאָרגלט האָט זיך גאַנץ פּאַריז מיט אונזער רויטס,
אין די הענט פון הינטישן מסיו לעקאַנט...
מיר האָבן אונזער קינדיש האַרץ דערקאַנט,
געלאָזט זיך פון שיינע כריסטוסווערטער נאַרן:
געפאַלן זענען 40 טויזנט קאָמונאַרן!

נו, האָבן מיר ווי היילונג־טראָפּנס אין זיקאָרן
אויפגעזאַמלט פאַקטן, לערעס, שלוסן.
אַז שטרענג מוז אויפגיין אַרבעטער־פאַרדרוסן!
און אַז קויל איז לעצטער וואָרט פון מויל,
און אַז בלוט איז טייערער פון שמעקעדיקן אייל.
און דאָרט וואו בורזשויען פאַרגיסן גאַנצע יאַמים,
וועלן מיר דאָס בלוטגעפיל נישט צאַמען.

און שטורעמשווער וועט זיין די עלישע נעקאָמע
אונזערע, פון קינפטיקן קלעמאַן טאָמאַ.
מיר ווילן נאָר די ברענמינוט דערהאַרן:
מיר זענען לעבעדיקע קאָמונאַרן!

מיר קומען פון אַלע אָרעמע קוואַרטאַלן,
אין ברוד, אין קויט, אין ברויז, אין בלויז,
מיר טראָגן אוראַגאַנען אין דער פויסט.
מיר זענען היינט נישט מער די „שטילע וועזענס“,
וואָס טראָגן נאַקעטע האַרץ אַנטקעגן מיטראַליעזן.
מיר בויען באריקאדעס פעסט און שטיל און זיכער,
מיר גייען נישט אַף באַריקאַדעס לויט די ביכער.
אָ, ס׳וועט נאָך גע־פּע־או פאַרבעטן שטיל אַף טיי
די ברידער פון פאַררעטער גאַליפיי...
מיר גרייטן צין און אָקרופּ, אייל און פלאַם אַף רייניקן זשאַנדאַרן:
מיר זענען לעבעדיקע קאָמונאַרן!

# פלויטן

אז דוירעס האָבן געבויט פּלויטן —
טו ווער האָט געזאָלט בויען גערטנער ?
פּלויטן פון שטיין און פון דאָרן,
פּלויטן פון פּאַכעד און צאָרן.
און קיין גערטנער האָט מען נישט געבויעט.

אַרום יעדן פאָלק — אַ פּלויט,
אַרום יעדן האַרץ — אַ פּלויט,
אַרום יעדער שפּראַך — אַ פּלויט,
אַרום יעדן לעבן — אַ פּלויט,
באַוואַקסן מיט מאָך און מיט טויט —
און ווען האָט מען געזאָלט בויען ברויט ?

הער מיך אוים, דו פּלויטן-בויער
און צעוואַרף דיינע פּלויטן.
אַ מענטש מיט אַ מענטש איז נישט פרעמד,
און גיב איך דיר ברויטן
איז נייסטו מיר אַ העמד —
אַ האַנט מיט אַ האַנט קער זיך אָן,
אַ ברודער, פון אייביקמאָל אָן !

דאָס איז קלאָר ווי ס׳וואַסער אין טייך :
אַ פּלויט איז פאַר דעם, וואָס איז רייך.
פאַר אונז — עי, פאַר מ י ר און פאַר ד י ר,
פאַרמאַכט איז אין פּלויט יעדער טיר,
די טיר, וואָס דו פלעכסט זי אַליין,
און לאָזט זיך אַליין נישט אַריין !

## איינער פון 563 טעג

נײַ יאָרק, ווינטער, 1932.

אַ צענויפגעקאָרטשעטע פּרויעלע לעבן דער קאַפּעטעריע
אַף דער 72טער סטריט און בראָדוויי,
איינגעפּעקלט אין אַ ברודיקער, סעריקאטער שאַל
רופט אונטער דער נאָז, מיט אַ אידישן אַקצענט:
„טשיינעוואָר... לייטס עדישאָן... געטשעקאָפּי"...
איר וויזאַווי, דער מאַן פון די עפּל, זיצט אַף אַ דין, הויך
קעסטעלע,
איינגאַנצן איינגעטונקען אין באָרד און אין מאָרעשכוירע
און זינגט אויס:
„עפּלוויהאָניק... טאַנזשערינס... צוויי אַ ניקעלע, ניקעלע"...
ביידע אויסרופן מישן זיך אויס: די „עפּלוויהאָניק"
באַגעגענען זיך מיט „טשיינעוואָר"
און ביידע געשרייעלעך נעמען זיך אונטער די אָרעמס
ווי קינדערשע כאַסנקאַלע
און בעטן: „אַ שטיקל ברויט, אַ שטיקל ברויט, אוי אַ שטיקל
ברויט"
(מיט הואוועדס צוויי ביליאָן דאָלאר „דאָול" פּאַר באַנקירן
קאָן מען קיין וועטשערע נישט קאָכן,
און קיין אַרבעט איז נישטאָ, קיין אַרבעט איז נישטאָ.
כאַטש נעם די הענט און וואַרף זיי אַוועק אין דרערד אַריין!)

לעבן יונייטעד־סיגאַר־סטאָר פּוצט אַ נעגערל אַ גרויסן געלן שוך,
מיט דריי קנייטשן אין דער מיטן ווי אַף אַ קלוגן שטערן.
דאָס נעגערל קוקט אַרויף מיט גרויסע אייערווייסלעך פון אויגן,
צו דעם קליינעם האַרטן קאַפּעליש דאָרט העט־העט־העט־אויבן,
וואָס רויכערט אַ ציגאַר און שפּייט קאַסאַקע...
דאָס שוואַרצע קינד טראַכט, אַז ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער
אויך זיין אַ „דזשיגגער"
וועט טראָגן אַ געקעסטלטן אַנצוג, מיט אַ יאַמשים־שטעקעלע,
און וועט אויך גיין אין אַזאַ קאַפּעליטשל

און וועט אויך רויכערן אַ ציגאַר
און אויך שפּייען קאַסאָקע.

אַ דאַר קליין גאַסנמיידל גייט פאַרביי
און פאַרלירט, אין גײיעג נאָך אַ שטיקל ברויט,
דאָס וואָרט „האָניבאָי״,
ווי אַ פייגעלע מיט אַ ווערעמל אין מויל
פאַרלירט עפּעס אונטער זיך.

איבערן ברילנסויכערס געוועלב
טרייסלען זיך אַ פּאָר הילצערנע שפּאַקולן,
און קוקן — אויגנלאָז — אין דער פלאַמיקער שילד אַריין,
וואָס מינעט זיך מיטן נאָמען „מאַנדעלבוים״.

פון „שטובענס רעסטאָראַנט״ קומען פליישרייכעס ווארעמע
און אַן אַנגענעמער קלאַנג פון גלעזערנע קופלעס ביר;
אַ קאָכער מיט אַ ווייסן קאָלפּיק
גאָפּעלט־אויף טייערע שטיקער פלייש.
ער מאַכט צערעכט די זיס־באַנעצטע, צוגעברווינטע
שווייננקליבער
וואָס גלאַנצן מיט צוקער־ראָסל און מיט סוויט־פּאָטייטעס.
(די ניקעלנע טאַשמעס פון דעם שטיינערנעם שלוסראָק
אין וועלכן מר. קרייזלערבילדינג נעמט אויף דעם לעכטיקן טאָג
זיינען איצט פאַרטונקלט.
נאָר זיין זילבערנע שלאָפּיאַרמיקע —
שיינט מיט עלעקטרישע לעוואָנעשפּיצן).

אַף די קעלער־טרעפּ פון אַ סאָבוויי־סטיישאָן:
צוויי אויפגערעגטע כערוורעלייט
מיט אַראָפּגעצויגענע קאַשקעטן,
ווייזן זיך איינס ס׳אַנדערע עפּעס,
און מי הערט:
„דאָבל־קראָסער, איף יו דייר דאָבלקראָס מי״.
„שאַט יור פּיים, וויל יע?״
„קאַם־אָן, שייק איי לייג!״

אַ שווינדלישלד ציט זיך איבער פּאַרק צענטראַל האָטעל —
דריי מאָל פאַרשידן;
צומערשט דריי באַזונדערע שורעס אין ווייספלאַם:
— פּאַרק
— סענטראַל
—האָטעל
דערנאָך אין רויטבליץ:
פּאַרק סענטראַל,
דערנאָך:
מיטאַמאָל, אין גרינער פייערשריפט.
פּאַרק סענטראל האָטעל —

פון שערמאַן־סקווער קומט אָן אַן אָפענער מאָטערטראָק,
ער טראָגט דריי נייע שוואַרצגלאַנציקע אָטאָמאָבילן איינס אַף ס'אַנדערע,
ווי בעהיימעס באַם פּאָרען זיך.
(דער כאַוועד וואָס גייט מיט אונז דערציילט ווי אַזוי ער איז געוואָרן אַן אַפּיקוירעס:
דער טאַטע האָט אים געזאָגט, אַז מען קוקט ווי מען דוכענט ווערט'ן בלינד.
האָט ער געטראַכט: „צוויי אויגן האָב איך, וועל איך איינשטעלן א י נ ס,
און אַ קוק טאָן"...
איז פון דעמאָלט אָן איז ער נישט נאָר נישט־בלינד־געוואָרן,
נאָר פאַרקערט —
ער האָט ערשט אָנגעהויבן צו זען און צו זען און צו זען!)

אַ יוגער קאַליקע־בעטלער פּאָרט־אָן אַף צוויי זיצרעדלעך,
וואָס ער שטופּט מיט האַנטקלעצלעך.
ער איז גוט אויפגעלייגט און רעדט צו זיך אַליין,
און שפּילט זיך מיטן נעדאָוועפּושקעלע אַפן האַרץ,
און שמייכלט מיט אַ פּאַרע...
אַ פאַרוואָרלאָזטער, שווינדזיכטיקער אַרבעטלאָזער
שטייט ביים האַלבקיילעכדיקן אַריינגאַנג צום גראַנדיעזן שיך־סטאָר,
שאָקלט זיך ווי אין כאָלעם,

קוקט מיט מוטנע שלאָף־פאַרגאָסענע אויגן,
איבער אַ שמאָלער, טויטער נאָז,
און איז האַפּאַנים מעקאַנע דעם קאַליקע מיט די קלעצלעך...

פונם „קעניגס־טאָווערנע“ קומען אַרויס פאַרשוויצטעט בורזשויען,
געפּילעוועטע פרויען אין הויט פון בלויע־פּיקסן און הערמאַלין,
מענער מיט ווייס־זיידענע שאַליקלעך, טשינטשילע־מאַנטלען און
געטרעס,
זיי פאַרגיסן די גאַס מיט זייער זאַטן פרעכן געלעכטער.

אין פענצטער פון אַן „אויסטער־באַר“
ליגן אַף אייז האַלב־לעבעדיקע קראַבן,
זיי גראַבלען זיך קוים...
שוואַרצע לאַבסטער־וואָנצעס
לויפן אַרום און שפּירן־אויס און קומען קריק
מיט שלעכטע בסורעס...
פעטע „בליופּוינט־אויסטערס“ ליגן צישן קעסטלעך פּאָזשינקעס
און יונגע שוואָמען;
פלעשער מיט „ווייט־ראָק“ גלאַנצן אין אָפּגלאַנץ פון גלאָזערן
מיט בלוי־פּליסיקן נעאָן־ליכט:
— „דינער אַ דאָלער מיט פופציק“...

אַ באָכערל נאָך קימאַט אַ קינד,
איינגעשפּאַנט אין אַ פּושקאַרט,
שלעפּט אַ באַרג מיט פּאַפּירענע פידלעס,
און פּלאָנטערט זיך דעם גרילצנדיקן פּייפנדיקן טויט
אונטער די פיס.

אַ קוצע ווייבל אַ שטומפּיקס,
אָנגעשטאָפּט מיט בוזעם ביז צום בויך,
פירט אַ הינטל מיט אַ בייז נעזל און בורשטינענע אייגעלעך.
זי געגנט־אָן אַן עלטערן לענגלעכן דזשענטעלמאָן
מיט אַ צוויקער אַף אַ שוואַרץ בענדל,
וועלכער פירט אַף אַ געפלאָכטן רימענדל
אַ וואָלן, גרויבאָרדיק הינטל
מיט אַ נערווייאיש עקל.

די הינטלעך — אַן ער און אַ זי — רייסן זיך
איינס צון ס׳אַנדערע,
ביידע הינטלעניקעס בלייבן שטיין און ווילן
אי נישט שטערן דעם זיווּיק,
אי זיי שעמען זיך פאַר מענטשן.
די הינטלעך באַניוכן זיך פונדעסן,
און דריקן אַרויס זייערע „געפילן“
ווי ווייט זיי קאָנען.
(וואו נעמט מען איצט דעם יויל סלאַנים, וואָס זאָל אַ קוועטש־טון
די לירישע דריזן און זינגען) :

כ׳האָב ליב, אַז ס׳איז האָצע און קאָצע און פּלאָצע.
כ׳האָב ליב ס׳איז טראַטאַ־טאַטאַ !
כ׳האָב ליב, אַז סע שפּינצאַך און דרימצאַך און קווימצאַך,
כ׳האָב ליב, אַז ס׳איז טראַ־טאַ־טאַ־טאַ !

דער אַלטער דזשענטעלמאַן באַניוכעט לעסאַטע,
מיט די אויגן,
דאָס קוצע ווייבל,
וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט בוזעם ביז צום בויך.
די בורזשואַזנע גאַס שטעלט זיך אָפּ אַף אַ רעגע,
פאַרגעסט דעם ביטערן קריזיס,
און קוועלט גאַר אָן פון דער הינטישער ראָמאַנטיק...
— טשיינעוואָר...
— עפּלוויהאָניק...
— האָטעל פּאַרק סענטראַל...
— האָניבאָי...
— שאַט יור פּיים, וויל יו...
אַ שטיקל האַלב־טויטע לעוואָנע גראָבלט זיך
אָפּן לעקטריש־צעטומלטן, קאַלטן, ניו יאָרקער הימל,
ווי אַ לאָבסטער אַף אייז...
אין דרויסן סמאַלעט אַ טרוקענער, אייזערנער פראָסט,
וואָס דרייט די אויערן און קנייפּט
די בלויע, הונגערפאַרברענטע לייבער פון די אַרבעטלאָזע,
רויטע נעז נאָרען זיך אין די אָפּגעבאַרעטע קאָלנערס.
היטלען רוקן זיך איבער די אויערן.
אַ לאָקיי אין אַ קייסערישן מונדיר

טוט אַ לויף אַרויס פון אַ האָטעל־לאָבי,
גיט אַ דריי די טיר
פאַרן אָנקומענדיקן בורזשוי אין ביבערפעלץ
און לויפט קריק אַריין...
אַ פאַרשטאָפּטער „פאָרד“ שיסט אונטער זיך —
ווי מיט אַ שיסגעווער,
ס׳דאַכט זיך: עפּעס אַן אייזערנער אַקשן, אַ „דיבוק“
איז פון זינען אַראָפּ
און וויל מאַכן אַ לאָך אין דער וועלט
מיט אַן איינציקן, איינגעגעסעם, מעשוגענעם וואָרט:
„ניט
און ניט
און בשום אופן ניט“.

— טשיינעוואַר...
— מיסטער, שיינקט אַ ניקל אָף אַ קאָפּיקאָפּי...
— דינער אַ דאָלער מיט־פּופּציק...
— קויפט אַ פּייפּער, מיסטער...
אין דער צונטציישטונג:
בילד: דערהאַרגעטע כינעזער אין קיאַנגוואַן...
בילד: יאַפּאַנישע עראָפּלאַנען וואַרפן באָמבעס...
בילד: רייצנדיקע ווייבער אין באָד־קאָסטיומען אין פּאַלם־ביטש...
נייעס: פיר כינעזישע סאַניטאַרן טראָגן אַ געפאַלענעם סאָלדאַט און וויינען...
נייעס: כינעזישע נאַציאָנאַל־פּלאַקאַטן טראָגן אויפשריפטן:
„איר זענט הונגעריק, עסט יאַפּאַנעזער“
„איר זענט דאָרשטיק, טרינקט יאַפּאַניש בלוט“.
לייט־אַרטיקל: יאַפּאַן לייגט־צו אַ גלאָוניע צום האַרץ פון כינע.
לייט אַרטיקל:
— סטימסאָן האַלט, אַז דער פרידנס־אָפּמאַך איז אין געפאַר...
קאָרעספּאָנדענץ: אַ כינעזישער באַלטוירע לויפט
פון די רויכערדיקע קופּעס מיט מענטשפלייש,
אין דער האַנט טראָגט ער אַ ליידיק שטייגעלע פון אַ פּאַפּוגאַי,
ער באַווינט די טויטע פּאַפּוגייאַי...

קאָרעספּאָנדענץ: אַן אַלטיטשקע פרוי זיצט אַף אַ בערגל שמאַטעס אין טשאַפּעי

און וויל נישט אוועקגיין...

אין איר לעבנסטאָג זיינען איר פיל אומגליקן אַנטקעגן געקומען, זעלטן, אַז אַן אומגליק האָט זי געמיטן

און איצט, אַז דאָס גרויסע פלאַקערדיקע אומגליק קומט איר אַנטקעגן,

אַנטלויפט זי נישט.

זי זיצט

און איר מויל שעלט.

און אירע אויסגעוויינטע אויגן שעלטן,

און איר ביטער האַרץ שעלט,

און אירע גרויסע ברודיקע, גיפטיקע נעגל שעלטן.

און די לעכער אין אירע שמאַטעס שעלטן,

און דאָס הונגערגריבל צווישן האַלז און ברוסט — שעלט.

אַ פרוי אַ קלאָלע!

(אָ, ווען די קלאָלע זאָל זיך צונויפקייטלען

מיט מיליאָנען אַנדערע קלאָלעס

און ווערן פון אַ זעמדל — אַ באַרג,

און דער קלאָלעבאַרג זאָל זיין

איין גיגאַנטישע פויסט, וואָס גייט-אויף ווי אַ זון

אין אַ פאַרפּעסטעטע לאַנד,

און גייט אונטער ווי אַ וואונדערלעכע ערדציטערניש

נאָך וועלכן עס קומען אַרויס פון דער ערד —

נייע וויינשטעק

און לעכטיקע קוילעטשן אַף ביימער,

און גרויסע פּאַלאַצן טייערע, וואָס זיינען אין דער ערד געשלאָפן!)

אויספאַרקויף... אויספאַרקויף...

אַ קראָם, אַ גאַס, אַ שטאָט, אַ לאַנד צו פאַרקויפן!

ביליק... ביליק...

אַלע טאָג ביליקער, ביליקער, ביליקער..

אין אַלע שויפענצטער — בערג מיט סכוירעס איבעריקע!

אין אַלע גאַסן — בערג מיט אַרבעטער איבעריקע.

סכוירעס פאַלן, פוילן, שימלען, גייען פאַרלוירן.

מענטשן פאַלן, פוילן, שימלען, גייען פאַרלוירן.

מענטשן און סכוירעס —
וואַלגערן זיך ביידע פּוסטעפּאַס...
מענטשן און סכוירעס —
לעכצן איינס צום ס׳אַנדערע,
נאָר צישן זיי ביידע שטייט די שוואַרצע,
בלוטגעווייקטע וואַנט פון קאַפּיטאַליזם
און לאָזט נישט צו זיי זאָלן זיך באַרירן.
אַ פּלאַקאַט:
„דיד יו סיי טען סענטס?"
„יעס אַי סעד טען סענטס".
„ער האָט אָנגעטאָן אַ האַרטן שמערל-קאָלנער און ער האָט
גערקראָגן דעם דזשאָב".
„באַליידיקט נישט אייער שאָכן מיט שלעכטן גופּגערוך".
„אַ נעגער וועט פייטן אַ איד — באַזאָרגט זיך מיט בילעטן".
„דער מיזרעך-נאָווי שאַנדי וועט רעדן זונטיק אַפּן ראַדיאָ".

אַ שיין, מאָדערן „ספּיקיזעלע" אין שוואַרץ-און-ווייס עפעקט,
מיט שטילע שוואַרצע טירעלעך אין אָרענקוידעש-סטיל,
מיט מאָדערניסטישע מעטאַלפלעשער אינם אָרענקוידעש
פענצטער
ווינקט אין סאַמע מיטן דער ברייטער גאַס...
אין די אָרענקוידעש-טירלעך כאַפּט זיך אַלע ווײַלע אַרײַן
עמיצער אַ בייזער, אַ ליידיקער,
פול מיט דעפּרעסיע און מיט קליינגעלט,
און קומט אַרוים אַ פולער, אַ גליקלעכער,
אויסגעליידיקט פון קליינגעלט און פון אַלע שווערע געדאַנקן —
וועגן ביטערן קריזיס.

די ראָזעווע טאַבלאָיד-צייטונג:
„הואווער זעט היינט אויס יונגער און געזינטער ווי אין 1929.
„וואַשינגטאָנער האָטעלן זיינען איבערגעפּאַקט מיט באַנקירן —
וואָס קומען גראַטשען פון הואווערס צוויי-ביליאָן-דאָלער „דאָול".
אַ בילד: אַ נאַקעטע, ווילדע פרוי מיט אומגעלומפּערטע בריסט
ווי גומענע פלעשער.
אַ בילד: „הואווער טראָגט שוין נישט קיין טאָפּל-בריסטיק
רעקל"

אַ בילד: „דזשימי וואָקער האָט דערפונדן אַן אָרגינעלן בערעט מיט אַ דאַשיק“.
אַ קאַפּ: „טשאַפּעי, אַ קופּע מיט רויכערדיקן מענטשנבלוט“.
אַ קאַפּ: „שטאָלאַקציעס שטייגן אין וואָל סטריט“...
אַ קאַפּ „דופּאָנטס פולווער־פאַבריקן שטעלן אָן נייע אַרבעטער“...

אין די אידישע בלעטער:
„דער אידישער ריכטער קאַרדאָזאָ... גרויסער קאָוועד פאַר אידן... מיר אידן“...
„ביאַליק.. דער נאָווי ביאַליק... כאַזענדל ראַבּיטשעלע בערנדרעקל“...
„שאַמאַש... שאָלעמאַש... קאָלע פון סאָפּאָלק סטריט“...
„די באָלשעוויקעס האָבן שוין ווידער“...
„אַ דיסקוסיע צווישן דאָקטער קלעקס און מיסטער שמעקס
אַף דער פראַגע: „צי דאַרף אַ איד?“
דר. קאַראַלניק פאַרהאָלעט דאָס מויל פון פּאַרנט
און פראַלעט שמוציקע קאָוואָנעס אין אַ טייך פון ווערטער...

אַ קליין אָפּגעריסן מיידעלע ווישט מיט גרויסע בלאָנדע ברעמען
די וואַרעמע שויב פון אַ פּאָפּקאָרן־סטאָר,
און זאָגט: „אָ מאַטהער, לוק, לוק!“
נאָר די קויטיק־גרויע טייגיקע מוטער,
שלעפּט אַוועק דאָס אַנטציקטע קינד
פון דעם גאָלדענעם פּאָפּ־קאָרן־האָגל,
און פירט זי צו צו אַן אַנדערן שוי־פענצטער,
וואו עס פאַרקויפט זיך פרעסלעך און וואַש־ברעטלעך.
זי זאָגט צום קינד:
„געדאַרפט בעסער קויפן אַ ניי וואַשברעטל
דאָס אַלטע... שוין קאַליע...
די פינגער רייבן זיך ביז בלוט, נאַ זע!“
זי ווייזט דעם בלאָנדן קינד אַ מילציקע האָרעפּאַשנע האַנט,
און זי מאַכט מיט דער זעלבער מילציקער האַנט צורעכט
דעם קינדס ציטערדיקע בלאָנדע לאָקן —
איבער פאַרנעצטע גרויאַטלעסענע אויגן.

אַ לאַמטערנזייגער לעבן אַ יאַוועלן־געשעפט

האַלט זיך אַף אַ מינוט באַ זיינעם:
„פערצן מינוט אַף אַכט".

אַף קאָלאָמבוס־עוועניו, אין האַרץ פון דער שוואַרצער אָרימקייט,
וואָס ליגט ביי די פיס פון בראָדוויי,
האָט אַ וואַסערוועגע געפלאַצט מיט אַ קראַפּט,
וואָס האָט אַ וויג געטאָן די דערבייאיקע לאַבסטער־זאָנע.
אַ לאָכדעקל פון אַ קאַנאַל האָט אַ שאָס געטאָן אין דער לופט,
און שיר דערהאַרגעט אַ „סטריט־קלינער".
איצט פלייצט עס ראַשיק און מיוכעסדיק
איבער אַספאַלט און רינשטאָק...
דער שטאָלענער פראָסט כאַפּט באַלד אויף דאָס געשטילטע, טונקעלע וואַסער
אַף די זייטיקע טראָטואַרן,
גיט אים אַ קוש אין מויל און ס'הויבט אָן ווערן גלאָז.
אַ גליטשיקער גלאָזוועג פירט צו די פינקלדיקע
פראָספּעריטי־שילדן פון בראָדוויי,
צו די לאַבסטער־פּאַלאַצן,
צו די וועסט־ענדער אַפּאַרטמענט האָטעלן,
צום „קעניגס־טאַווערנע".

אַף טיימז־סקוועער ציטערט אַ ברעד־ליין
אַ מייל די לענג.
הוירסטס „ניו־יאָרק־אַמעריקאַן" טיילט טעפּלעך וואַרימע פּאָמוינִיצע, מיט פאַרזשאַווערטע זעמל.
ווי אַ קישעפּגאַרטל פון באַטרוג —
באַגאַרטלט די גאָלדגעליישטע צדאָקע
די קראַנקע לענדן פונם גויסעסן קאַפּיטאַליזם.
(נאָר די צדאָקע וועט ניש טאַצלענען מימאָוועס!...)
הונגער — אַף אַ בייז־וואונדער אויסשטעלונג,
אין דער רייכסטער גאַס
פון דער רייכסטער שטאָט
פונם רייכסטן לאַנד.
(ווי באַרבאַרן הענגען אויף
די קעפּ פון זייערע קאָרבאָנעס

אַף דרענגער אין מיטן מאַרק!)
דער הונגעריקער וואָלף אין דער פּאַפּירענער שטייג
(וואָס איז אָפּגעמאָלן מיטן קאָליר פון שטאָל)
ווערט באַלעסטיקט און געשטאָכן אין די אויגן מיט רעגנשירמס,
און געצופּט ביי דער גריווע
און אַפּלאָדירט פאַר זיין טרענירטער געדולד.

אָ, וואָלף! וואָלף! וואָלף הונגעריקער!
ווען דו זאָלסט וויסן,
אַז דיין קלאָענגריף איז מיליאָנען מאָל שטאַרקער
פון דיין שטייג,
וואָלסט זיך נישט געלאָזט באַלעסטיקן,
און שטעכן אין די אויגן,
און צופּן ביי דער גריווע,
און זאַלצן דיין אַפּעטיט מיטן בלוטיקן ביין
פון דיין פאַרצוקט קינד.

אָ וואָלף, וואָלף!
זע וואָס די פוקסן האָבן פון דיר געמאַכט. וואָלף!
ווי אַ וועווריקע דרייסט זיך אַרום, דרייסטו זיך אַרום אין דיין שטייג.
און זיי לאַכן פון דיר. וואָלף!!
ווי ביי אַ געשלאָגענעם הונט
הענגען אַף דיינע וויעס שטיקער יאַטער,
זיינען דערוויל אין דיינע אויגן די שפּיזן אויסגעלאָשן, וואָלף!
טו אַ בריל, וואָלף, און צעריים מיט דיין רויכערדיקן געשריי,
די שטייג פּאַפּירענע, וואָס פון דוירעס שוין
איז זי געקאָלירט מיט דער פאַרב פון שטאָל,
מיט דער פאַרב פון דיין קראַפט!
הויב אויף דיין צעבלוטיקטן, דערנידעריקטן קאָפּ, וואָלף!
און טו אַ קוק אין דיין ברודערס הונגעריקע אויגן
ווי אין אַ שפּיגל,
און זע וואָס פאַראַ אומבאַזיגבאַרע קראַפט
עס איז דיינע.
**דער־וואַ־ך!**
**וואָלף!**

# ראָזעווע טאַטעס, ווייצענע מאַמעס און קאָרענע קינדער

וואָס ווילן מיר ?
און וואָס איז אונזער
שטרעבן ?
מיר שטרעבן :
באַ וועלט
און באַ לעבן
צו זיין דאָס ליכט
און דאָס וואונדער.
מיר
ראַזעווע טאַטעס,
ווייצענע מאַמעס
און קאָרענע קינדער.

מיר האַלטן נישט
פון „איידעלע טענער".
און פאָרכעס זאָלן וויען
מיט גאָלדענע פענער !
מיר ווילן נישט קיין לולו-ליד
וואָס צערטלט-איין —
באַם געמויזעכץ אין לעוואָנעשיין.
מיר שטרעבן דערלעבן
פאַרלענדן
די האַרן, די שינדער ;
מיר שטרעבן צו מאַכן
איין גרויסע מישפּאָכע
פון
ראַזעווע טאַטעס,
ווייצענע מאַמעס
און קאָרענע קינדער.

מיר בלישטשען נישט
מיט שפּאָגל נייע פראַזן
פיין און רונדיק.
אונזער וואָרט איז
בלוטיק,
אוזער וואָרט איז
וואונדיק.
לאָזונגען
צעפלאַמט אָף צענדליק טויזנט מיילן:
וועלט איז לעבעדיקער גוף
צעשפּאַלט אים נישט
אָף טיילן!
נישט א י ך,
נישט ד ו,
נאָר מ י ר.
די גאַנצע האָרעפּשאַשנע
מענטשנמאַסע
מיט פּאָנים צו דער נויט
און צו די גאַסן:
מיר צינען אָן די וועלט —
מיר זענען שטאָרעם-צינדער,
מיר —
ראזעווע טאַטעס,
ווייצענע מאַמעס
און קאָרענע קינדער.

## צו דער יוגנט

נו, זע אונזער יוגנט! זע אונזערע זין.
דאָס יונגע אַמעריקע זע! די באָכערים,
וואָס זענען ערשט אַרויס פון די קאַלעדזשעס, אָוונט-קורסן,
פון די ביזנעס-סקולס פון די טעכניקומס, פון די „פּרעפּס“, —
וואָס איז זייער צוקונפט?
וואָס האָט דאָס רייכע לאַנד געפּלאַנט פאַר אייך,
אונזערע זין?
וואָס האָט די רעגירונג פון הואווערס דרעדנאָטס,
און קרייצערס, און מיינסוויפּערס,
און טיפּאָט-דאָם-וואַקכאַנאַליעס
געטוען צו שיצן אייער רעכט אַף אַרבעט?
אייער רעכט אַף גליק?
אייער רעכט אַף לעבן?
צו שיצן די פאָלקס-פאַרמעגנס,
וואָס דאָס גרעסטע פון זיי איז די יוגנט?
נו, זע אונזער יוגנט!
נו, זע אַליין, דו יוגנט!
מיר, אַרבעטנדיקע, דאָס פאָלק, האָבן דיך געשפּייזט, געהויזט, געקליידט
די צייט וואָס דו האָסטיך פאַרגעברייט
מיט וויסן, מיט טעכנישער דערפאַרונג, בילדונג, וואָס זאָל לייגן
אַ פונדאַמענט פאַר דער צוקונפט.
און איצט, אַז די צוקונפט איז שוין דאָ,
און איצט, אַז דיינע הענט זענען געניט און קלוג
אין דער קלוגשאַפט און געניטשאַפט פון מאַשינען,
וואָס זענען די קלוגע, צו-אייזן געוואָרענע מענשלעכע איבער-מנעטשלעכע אָרעמס,
איצט, אַז דיינע הענט זענען גרייט צו די קוואַליפיצירטע פאַכן
און די אַרבל זענען פאַרקאַטשעט
און דער יונגער מוט האָט אָנגעטאָן די שאַרין, —
איצט הענגען דיינע הענט לויז און אומניצלעך

און איבריק באַ די לענדן
ווי נעדאָוונע־אָרימעליים באַ אַ פרעמדער טיר;
איצט גייען זיי אַרום ליידיק, דרייען ציגאַרלעך,
קראַצן מ׳נאַקן, קניפּן צען מאָל איבער דעם צעקנוידערטן
שניפּס,
מיט רעציכע,
ווי זיי וואָלטן וועלן דערוואַרגן דעם האַלז, וואָס
האָט געשריגן הוראַ פאַר אַ וועלט, וואָס לאָזט
אַזוי פיל יונגע, שטאַרקע הענט וויאַנען באַ די באָקעס
(ווי אָפּגעבראָכענע, נישט־אַוועקגעריסענע צווייגן),
אָדער טוען שאָדן, אָדער נאַרישקייט, אָדער פאַרברעך.
איצט שאַרן די־אַ הענט אין די ענגע הויזן־קעשענעס,
און שעמען זיך צו ווייזנזיך פאַר דער לעכטיקער שיין פונם טאָג.
און אַ ביטערקייט און האָפנונגסלאָזיקייט, און אַ
שטומפּיקע אָפּהענטיקייט איז אין אָט־די־אַ
נאָך־נישט־אויפגעוואַכטע פאַרשעמטע הענט, וואָס קענען אויס־
לייזן פון שאַנד
זיך און די וועלט, וואָס האָט זיי באַליידיקט אַזוי מיעס,
ווען זיי זאָלן זיך נאָר צונויפשטשירן אין פויסטן אַזוינע,
וואָס שרייען נאָ־געוואַלט און צעשמעטערן,
די ווענט פון פוילע פּאַלאַצן,
קלויסטערס, טפיסעס און קאַסעירן,
און גיבן אַ שמיר מיט דער בלוטיקער פויסט
אַן א ו י ס כ ע ש ב ן איבערן טאָוול
פון דער אַלטער אָרדענונג.

נו, זע אונזער יוגנט,
די מיידלעך זע, —בליענדיקע, קינפּטיקע מוטערס,
וואָס זענען גרייט די לעוואָנע און אַ פלעשל „דזשין" צו נעמען
פאַר אַ שאַדכען
אָפן אָפענעם צאַפּלדיקן מאַרק פון ליבע,
(וואו די בעכערס זענען פון גאָלד, נאָר דער וויין איז פאַר־
גיפטעט),
און פאַרקויפן די „ריינע ליבע" צו אַ מאַן
פאַר 50 אָדער 100 דאָלאַר אַ וואָך,
און פאַרקויפן צו פרייער שקלאַפעריי
דאָס יונגע בלענהענדיקע לייב,

וואָס האָט אַזוי פיל יונגע זאַפט און קראַפט,
און קען זיך דורך אייגענער אַרבעט שאַפן ס'רעכט אַף ליב־
ליבשאַפט און אַף מוטערשאַפט
און אַף ריינער באַהעפטנוג מיט דעם, וואָס ס'האַרץ גלוסט!

נו, זע אונזערע טעכטער,
פריש אַרוים פון די קאַלעדזשעס, פון פאַך־קלאַסן, פון
טעכניקומס,
גרייט צו דינען דעם לאַנד, דעם פאָלק, דער וועלט
מיט גייסט, מיט הענט, מיט מוטער־שויסן, מיט זויג־בריסט.
איז וואָס ווערט פון די־אַ מיידלעך?
וואָסערע צוקונפט האָט מיסטער הואָווער און ענדי מעלאָן
און סטימסאָן און פירפּאָנט מאָרגאַן געפּלאַנעוועט פאַר זיי —
אַ כויץ פּראָסטיטוציע מיט איין מאַן אָדער מיט פיל,
אַ כויץ אַ געפיל פאַר ווילדגראָז, וואָס וואַקסט הויך און העפקער,
אַנשטאָט דערעך־ערעץ פאַר דער זאַנג,
וואָס וויגט זיך אין מוטערלעכע יעסורים.
פאַרוואָר, דער עפּלבוים איז מאַקריוו די גלייכקייט און גראַציע
פון זיינע ביינער
פאַר דער אָרענטלעכער צעקרומטקייט פון אַ מוטער,
וואָס טראָגט אַף זיך לאַסטן פון וועלט און אייביקייט
און פאַרטפלאַנצונג...
וואָרין זע, אויך אין דער וועלט פון ביימער און פלאַנצן גיט
עס קלאַסן:
דער שטאָלצער, פוסטעפּאַסנער, סנאָבישער סאָסנע־קלאַס,
אַקעגן דעם קלאַס, וועמענס וואָרצלען האָרעווען אין דער
פינצטערניש
צו ברענגען פרוכט דער וועלט,
און קען דערפאַר אַף „עסטעטיק" קיין געוויכט נישט לייגן, —
דער קלאַס פון מוטער און באַשאַפער
אַנטקעגן מ'קלאַס פון זוינע און שעדיקערין.

אין די ברייטע גאַסן פון אונזערע גרויסשטעט:
די מיידלישע יונגט אונזערע, אונזערע טעכטער,
די יונגע, קאָרע, מיט סאַם אַנגעפילט,
מיט סאַם פון געלער פרעסע, מיט סאַם פון בולוואַרנעם בוך,
מיט סאַם פון רעגיליע,

מיט סאַם פון ביטערער אָרימקייט,
וואָס איז גיפטיקער פון אַלע סאַמען, —
וואָס ווערט פון אַזאַ מיידל, וואָס טראָגט צומערשט
די הענט און דעם קאָפּ אַפן מאַרק
און קיינער וויל נישט קויפן,
און דערנאָך טראָגט זי איר בויך און אירע פיס
און דעם פאַרשאָלטענעם שמייכל, און רייסט זיך מיט אירע
שוועסטער

איבער אַ קוינע?...
„בלויז 50 סענט, סער!"
און ווען איר בויך ווערט
אין יערענדיקער וואָרימקייט פאַרכאַפּט,
און איר פּאָנים ווערט בלוילעך, און די פיס — קלעצלעך,
און דער קוינע זאָגט זיך אָפּ, דעמאָלט מורמלען אירע ליפּן,
ווען אַ טרער קריכט פון אַן אונטערגעפירט אויג:

„בלויז 50 סענט, סער, וואָס וואָלט איר געוואָלט
פאַר 50 סענט, סער?"

אַך! זאָל יעדער, וואָס האָט אַ האַרץ, זען מיטן האַרץ
(און דער וואָס האָט בלויז צוויי אויגן, זאָל כאָטש זען מיט
צוויי אויגן!)

ווי אונזער יוגנט איז פאַרלוירן, פאַרלוירן...
ווי אַ סאָף-וועג, וואָס האָט קיין אויסוועג נישט, איז אונזער
יוגנט!

אונזער יוגנט איז אָן פליגלען, אָן פּערספּעקטיוון, אָן
האָריזאָנטן...
אונזער קוואַלנדיקע יוגנט איז בלויז אַן איבערפּראָדוקציע
אַפן מאַרק

וואָס העלפט שאַפן דעם קריזיס.
און פּונקט ווי דאָס געבענטשטע ברויט פון דער ערד
ליגט פאַרשעמט און איבעריק,
דערצייט ווען מיליאָנען לעכצן מיט בראַנדיקע ליפּן,
פּונקט אַזוי איז די קרעפטיקע בליענדיקע יוגנט אונזערע
וואָס גייט-אום ליידיק, דערצייט ווען פאַבריקן שטייען שטיל
און קוילן און ניקל-מינעס און האָבער-פעלדער
דאַרשטן נאָך הענט און בעטן: „הענט" — גייען הענט אַרום

פאַרגיפטעט פון ליידיק־גיין און ליגן — זשאַווערדיקע האַמערס
אין אַ פאַרלאָזטער קוזשניע,
ווערן הענט דערוואָרגן אין ענגע קעשענעס פון אָפּגעבאַרעטע
פידזשאַקעס.
ווערן מענטשן — בראַק... קרעכצנדיקע קופעס בראַק...
דאָס גרעסטע רייכטום פון דיין לאַנד, אַ פאָלק,
פאַרוועלקט, פאַרוועלקט... פאַרדאַרבט! —
ווי ס׳דאַרבן סטערטעס טוואָוען און עפּל אין די סעדער,
טרויבן אין די ווייַנגערטנער, פלוימען אַף די ביימער...
די בראָכע פון דער ערד איז אַ קלאָלע געוואָרן,
אַ זין און טעכטער פון אונזער לאַנד,
אין די פאַרשאָלטענע הענט פון די פאַרשאָלטענע „פירער״,
וואָס פירן אונז אין דאַמפנדיקע זומפּן אַריין,
פול מיט פּאָליטישע שלענג און קראָקאָדילן...
נו, קוק דאָך אָן, מענטשן פאָטער, מוטער!
זע, ווי אַף דיין קינד, די פרוכט פון דיין לעבן,
איז נישטאָ קיין באַלאַנס,
ווי ס׳איז נישטאָ קיין באַלאַנס אַף
מעכאַיעדיקע באַרן און טרויבן און פלאַקס און האָניק,
דער איבערפלוס פונס לאַנדס שעפע־בראָכע,
איבערפראָדוקציע פון ברויט,
קאַווע, באַנוויל, מאַראַנצן,
ווערט געוואָרפן אין וואַסער.
די איבערפראָדוקציע פון מענטשן ווערט געוואָרפן אין
פייער פון מילכאָמע.
קעדיי צו הויבן די אַקציעס אַף שטאָל און ברויט וואָס דאָס
זענען
אייגנטלעך אַקציעס אַף מענטשנ־פלייש...
באַטראַכט דיך, מענטש, פאָטער, מוטער!
יוגנט, באַטראַכט דיך!
שטעל דיך אָפּ אין מיטן טאָג, אין מיטן דער ריזנשטאָט ניו
יאָרק,
(אָדער בערלין, אָדער סינגאַפּאָר, אָדער מאַדריד, אָדער לעמ־
בעריק, אָדער יאַסי,
אָדער העלסינגפאָרס, אָדער אַמסטערדאַם,
אָדער סידני, אָדער קאָפּענהאַגן, אָדער פאַריז),
און באַטראַכט דיך!

זאָג נישט, ווי באַצאָלטע דעמאַגאָגן האָבן דיך געלערנט זאָגן:
„דער קריזיס וועט איבערגיין"...
„פּראָספּעריטי איז דאָ נישט ווייט... אין דער אַנדערער גאַס".
„די וועלט איז אַ פּרוי, וואָס מוז האָבן איר בלוטיק ציקל"...
זאָג נישט נאָך, קינד, זון, טאָכטער, זאָג נישט נאָך
די אַלע לאָזונגען פון די געדונגענע דעמאַגאָגן, מעשאָרסים, הענקערס...

ווייל דער עפּל, וואָס פוילט אַפן בוים —
ווייל די יוגנט, וואָס פוילט אין די גאַסן
ווי אָפּפאַל, האָט בלויז א יין בליאונג צו בליען.
און בליעסטו א י צ ט נישט, אין דיין יוגנט, זון, טאָכטער,
וועסטו שוין קיינמאָל מער נישט בליען!
די „פּראָספּעריטי" פון דיין יוגנט וועט שוין
קיינמאָל מער נישט קומען,
און דער שאָדן, וואָס ווערט געטאָן צו דיין גייסט,
דורך דער שטימונג פון נידריקייט, נוצלאָזיקייט, דערשלאָגנקייט,
איז ווי דער פראָסט, וואָס פאַרכאַפּט די קנאָספּלעך
פון יונגע, צאַרטע פרוכטן:
זיי וועלן שוין קיינמאָל קיין פרוכט נישט ווערן!

שיט דיך אויס אין די גאַסן, אָ יוגנט צעטומלטע, געפּאַלענע,
(ווי צוויט געפאַלענער פון ברוטאַלן פרילינג־האָגל),
און פאָדער דיין רעכט אַף יוגנט, אַף לעבן!...
און נעם, אָ, יוגנט בליענדיקע, די פּראָספּעריטי, די הענט דיינע
פון די קעשענעס אַרויס
און הויב זיי אויף,
און מעסט זיך קעגן אַלע קוואָרים־כאַיעס
אין גאָלד־געשטופּלטע מונדירן.
קעגן אַלע וואָס רויבן דיין דעד און בינדן דיך מיט אָפּגעשפּראָ־
כענעם „הייליקן" שפּינוועבס,
קעגן אַלע די „הויכגעשטעלטע" מערדער, וואָס צערייבן דיין
בליאונג,
די יונגע, צאַרטע, שמעקעוודיקע,
(ווי אַן אַלטע אויוער־באַטלדיקע הור פירט מיט איר האַנט,
דער פאַרוויאַנעטער, איבערן בליאונג
פון אַ יונגער פּיאַלקע צו באַשמעקן איר מיעסקייט, איר
אַלטקייט!)

אָ, יוגנט דו! בליענדיקע יוגנט פון
יעדן פינצטערן לאַנד
(אַף די נאָך דערוויייל פינצטערע פינף זעקסטל פון דער ערד),
דערוואַך און זע, ווי דו ליגסט ווי די עפּל באַ די פּלויטן
און פוילסט שטילערהייט,
און וואַרטסט, אַז דער וואָרעם פון גלייכגילט זאָל דיך צעפרעסן
און שטילמאַכן...
אָ, יוגנט! ס׳רויטע קלוגע האַרץ פון דער וועלט
קלאַפּט פאַר דיר,
הויב דיך אויף, יוגנט, און בלי
אונטערן צייכן פון רויט, וואָס איז אונזער בלוט,
וואָס איז אונזער ל ע ב ן!
שטיי אויף, יוגנט, איידער דיין פייער גייט אויס,
איידער דו ווערסט אַלט —
מיט דער אַלטקייט פון 1 טאָג,
וואָס ברעכט דיך איבער אַף דער מאַטערשטאַנג פון הונגער.
שטיי אויף, יוגנט, און גיי דעם מאָרגן אַנטקעגן
מיט פויסט און פאָן און געזאַנג.

אָ זון, אָ טאָכטער!
וואַרט נישט געדולדיק אַף צוגעזאָגטע „גוטע" צייטן,
וואָס דאַרפן קומען.
ד ו ב י ז ט ד י ג ו ט ע צ יי ט, יוגנט!
קום־אָן, אָ יוגנט מוטיקע, קוואַלנדיקע, שטורעמדיקע!
לאָז בליצן דיינע ליכטיקע טריט
אין די וויסטע מידבאָריעסן פון אימפּעריאַליזם.
מיר, דאָס פאָלק,
מיר, די פעלקער פון דער וועלט,
וואַרטן אַף דיין קומען, יוגנט!
אונטערן צייכן פון ברויט,
אונטערן צייכן פון אַרבעט,
אונטערן צייכן פון אַ ברייטן זונשטראַל — וואָס איז אַ שווערד,

וואַרטן מיר אַף דיין קומען,
יוגנט!
און דו ביזט דאָך בלויז  א יי ן  טריט ווייט
פון זיך, פון דיין קויעך־דערקענטעניש.
איז גיב איין גרויסן, מעכטיקן, מוטפולן שפּאַן,
אָ, יוגנט,
און קום־אָן!!!

## מיר זענען די שטורעמבויער

מיר זענען די שטורעמבויער!
ווי נאָרט־וועסטווינט איבער יאַם און סטעפּ,
אַזוי בויען מיר שטורעם. נאָר נישט
די פלאַמנדיקע כמאַרע־סקולפּטור זענען מיר אויסן, נישט
די מוזיק פונם שטורעם־אָרגל, נישט דאָס אויפהויבן
ווענט פון וואַסער און זיי פּאַרטאַיען אין שרעק אינדערלופטן, איבער
די וואונדער פון דער שטורעמפליִט דער שטאָלענער,
וואָס רופט צונויף ווי צעשראָקענע שאָף די אינדן פון יאַם,
און טרייבט זיי, מיט די קעפּ צו די פעלזנבערג,
נישט שטורעם אַף „אויסלעבנזיך" באַהעמיש,
אין ווינטן־זיגזאַגן, אומבאַשטימטע,
ווי רייסנדיקע פרייע פייגל מיט פליגלען פון צעגליטן בלאַ־
שטיין, —
נאָר שטורעם קעדיי אויסצורייניקן דעם פּעסט־אָטעם פון דער וועלט,
צו פאַרטרייבן די מאַגייפעס פון נויט, אַרבעטלאָזיקייט, זעלבסט־מאָרדן,
צו ברעכן די דעמבענע דאַמבע פון טראַדיציע,
וואָס פאַרהאַלט דעם אויספלוס פון שימלדיקע וואַסערן,
אין וועלכע דער מאַלאַכאַמאָוועס הויערט.
שטורעם, קעדיי אַראָפּצוקייקלען דעם גאָט־פעלז פונם האַרץ פון דער וועלט,
שטורעם, קעדיי אויפצובלאָזן דעם שטילן, דערשראָקענעם פונק,
וואָס שלומערט נישט ווייט פון שטרוי און שרעקט זיך, אַז די שטרויענע בערג וועלן אים דערשטיקן;
שטורעם, קעדיי צו בלאָזן אַפן טכיאַס־האַמייסים טרומייט
צו די, וואָס זענען לעבעדיקערהייט
באַגראָבן אין די קוילן־מינעס, פאַבריקן, שעפּער,
אָפּיסעס, קעלער־לעכער, בוידימער,

אַז זיי זאָלן אַרויסגיין אין דרויסן און זען
ווי גוט דער שטורעם איז צו די „נידריקע פלאַנצן",
און ווי אומבאַהערציק צו די „קרוינען",
צו די דורכגעפרעסענע שטאַמען...

מיר זענען די שטורעם-בויער!
מיר בויען דעם שטורעם, ווי אַ מייגסטער בויעט אַ געביי,
מיר נוצן ברויזמאַס, ווינטוואָג
און פאָדעם-דינע רעגיסטריר-אינסטרומענטן
(געמאַכט פון דעליקאַטע סענזיטיווע סייכל-פעדים!)
מיר נוצן ווינטשופל און גלעטער און וואַסערוואָג —
די פּאַרטיי-ליניע,
וואָס איז דער נענטסטער וועג צום ציל...
מיר שטעלן די פּלייצע אַקעגן דעם שטורעם, ווען ער דאַרף געצאַמט זיין...
איבער די אייגענע מאַרקסיסטיש-זיכערע, פּראָלעטאַרישע פּלייצעס
צעברעכן מיט דעם כוט-אַשעדרע פונם שטורעם, ווען
ער דרייט זיך אַנטקעגן אונז פאַררעטעריש, טראָצקיסטיש...

מיר זענען די שטורעם-בויער!
מיר מייגסטערעווען דעם שטורעם, מיר פורמען אים, ווי אַ קליי
אין די הענט פון אַ טעפּער.
מיר לאָזן אים צעשטערן בלויז דאָס, וואָס
קען נישט לעבן.
די יונגנטלעכע ביימער אָבער —
אַף זיי שיקן מיר אָן דעם שטורעמווינט, ער זאָל מיט זיסער גוואַלד
די קנאָספּלעך פון די צווייגן אַרויסקושן,
מיט גוואַלד די קאָרע איינפּעסטיקן, דעם שטורעם-קוייך
אין די קאָרעצעלן אַריינהאַמערן
מיט לאַנגע שטאָלהאַמערס פון שטורעם.

מיר זענען די שטורעם-בויער!
צומערשטן בויען מיר דעם שטורעם, דעם בליץ, דעם דונער,
דערנאָך בויען מיר דעם רעגנבויגן פון פעלקערפרידן,
דערנאָך בויען מיר זעגלביימער, זעגלטיכער,

דעם שטורעם איינצושפּאַנען אין פרידליכן דינסט פון דעם
מענטש...
דערנאָך באַפעלן מיר דעם שטורעם-לעמפּערט זיך צו לייגן
באַ די פיס פון דער פרידלעכער וועלט, ווי אַ קאַץ,
וואָס שלאָפט באַ אַ קינד, וואָס איז אַנטשלאָפן געוואָרן
אינמיטן אויסשטרעקן ס׳הענטל צו כאַפּן אַ שטראַל...
דערנאָך ווערן מיר (לעגינישע בוימיינסטערס פון שטורעם) —
מיינסטערס פון זייפנבלאָזענע כאַלוימעס,
וואָס ווערן איבערגעזיעצט אַף פילפנקלדיקע ווערקטאַטן,
וואָס מאַכן שיין און שטאָלעוודיק און גאָלדריין
און ניקלפעסט און בלומענצירלעך דאָס לעבן
פון אַלע פעלקער פון דער וועלט,
אונטער דער צונויפגעוויקלטער, איינאַלאַיעטער שטורעמפאָן
פון קאָמוניזם,
וואָס האָט אַ פאַרוויכערטע, געצערטלטע, בלוטגעזאַפּטע,
נאָך די לעצטע בלוטיקע קאַמפן,
נאָך די לעצטע זיס-רויטע טריאומפן!

## שטייט אויף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן.

און עס איז דאָ אַף דער וועלט אַזוי פיל צו זען,
און עס איז דאָ אַף דער וועלט אַזוי פיל צו הערן.
די נעכט זענען פול מיט היינגלעך שטערן,
און די טעג זענען פול מיט גליענדיקע זאַנגען
און מיט קאָרנרויזן.
אַלע גלאָקן זענען פול מיט שאָלעכץ פון קלענג.
איילצווייגן שמעקן אין פראָצעסיעס פון הענט,
נאָר ווער זעט די וואונדער?
און ווער הערט די וואונדער?
אַז צאַר פון ברויט שטייט פאַר די אויגן ווי אַ וואַנט?
אַז רעגעס זענען צעגייענדיקער האָגל אַף דער האַנט.
און אין די פלאַפּ-הייזער דער געשטאַנק איז פעט
ווי שמאַלץ צעגאָסן אין אַ בראָטאויוון,
און גרויע הונגער-אַרמאַדעס,
שטייען דערשראָקן און ווייסן נישט
וואוהין זיך קערן-ווענדן!?
אַז מיר שאַפן גאָלד און ווייַן
און אַליין זענען מיר אָרעם ווי אַ שטיין.
צישן קוישן מיט טרויבן און פלאָמען און
טויבן, און טייכן מיט מילך
שטייען מיר לייבן, ווי צעטומלטע שאָף,
שיקלען מיט די אויגן קעגן דער זון.
ליגט אונז דען אין זין
ס׳גרינען פּונם וואַלד?
ס׳דופטן פון אייל-וואַזאָן? פון ראָמיאַנעק?
די הונגעריקע נאָז זוכט מ׳טאָם פון אַביסל רויך;
דאָס שטאָרעם-געטריבטע אויג זוכט וואַפנשטילשטאַנד אין דער הויך,
דאָס האַרץ הענגט-אויס פאַרעטערישע ווייסע פאַנען —
אין סאַמע אויג, אין סאַמע שוואַרצאַפּל פון אויג.
אָ, פאַרשאָלטן דריי מאָל איז דאָס לעבן

וואָס איז פול מיט אַלסדעמגוטס,
און אַלדעמשלעכטס.
(דאָס גוטע פאַר דעם שלעכטן,
דאָס שלעכטע פאַר דעם גוטן).
אין הילצערנער ציפער 8 שטופן לייבן צוויי די קעפּ אריין.
אַיִן איבער זיי אין וואַלד און וועלט און מאָרגנשיין.
שפּראָצענדיקע הערנער שיקערן דעם קאָפּ פון יונגען שטיר,
נאָר העלזער שטייען גרייט און אויגן גלאַנצן שטיל.
אָ, שטייט אויף!
לאָמיר אויפשטיין
און אַרויסציען
די העלזער פונם יאָך,
און גיין דעם ליכט אַנטקעגן
מיט ברייטע שטראַלן אין די הענט ווי געבלויזטע שווערדן.
אָ, שטייט אויף — זאָל ערד און הימל גאַפן.
אָ, שטייט אויף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן...

# אָנזאָג און ענטפער

## 1. אָ נ ז אָ ג

הערט! דער ווינט בלאָזט אַף זיין שטאָלענעם האָרן,
עי, מיין כאַוועך. באַוואָפן דיך מיט צאָרן,
צעעפן ווי אַ פעכער דיין געבונדענעם פלאַם.
צעגיס ווי אַ בעכער דיין צעצונדענעם סאַם.
באַוואָפן דיך, מיין כאַוועך, באַוואָפן דיך!

פינף פינגער אין דער האַנט, אַקשאָנעם אַפן נאַקן,
עס זאָלן קאָרטשעס ברומען, ווערלדער קנאַקן.
פאַראַכט די שיינקייטן וואָס שלעפערן און גלעטן,
פאַראַכט די זיידענע, די גאָלדענע עסטעטן.
באַוואָפן דיך אין אַ שטאָלן העמד
אַקעגן אַלעם וואָס איז קלאַסיש, פרעמד.
באַוואָפן דיך!

וואַרף־אַראָפּ דיין גלויבן אין אַ „קרבן־חטאת”,
ריים־אָפּ פון דיינע וואַנדן נויצרים לאַטעס.
ווער זאָגט דיר אין דיין קורצער לעבן־שאָ —
אַז מער ווי ביטערקייט איז דאָ פאַר דיר נישטאָ?
וואָס האַווקען זיי די קופּערנע גלאָקן־הינט
ווען גאָט און פיין און זינד?

ווען אַלע פעלדער לאַכן גרין מיט ברויט —
וואָס דערמאָנט איר אונז אין ווייסן טויט?

אַ ווינטרויב רויט און צייטיק איז די הימל־זון,
דאָס לעבן איז די זיסע זאַפט דאַפון.
און אַלע קינדער פון דער העלער ערד —
איניינעם אונז דער רויטער ווין באַשערט.
און יעדער וועלכער אַרבעט נישט און עסט,
דער האָט פון האַרץ דיין רויטן ווין געפרעסט.

באַוואָפנט אייך מיט שלעכטס אַנטקעגן שלעכטן,
באַוואָפנט אייך צו גלאַנציקע געפעכטן,
באַוואָפנט אייך!

לאָזונג: זאָל דער טאָג פון קריג נישט גהייען אינדערוואָכיק.
לאָזונג: זאָל דיין סינע קלינגען שטאָלעדיק און קנאָכיק.
שטיי-אויף, דו הייסע האָרד, מיט פויסטן פודיקע, מיט קראָפּיווע געזיכטן,
צום קאַמף, צום קאַמף, מיט שווערדן און מיט לידער.
די שווערדן קורץ און שאַרף. די לידער אויך אַזוי.
אָפּגעהאַקט און פראָסט און פעסט און רוי:

עי, קריגערס, איר קריגערס,
מיר קריגן אַ קריג.
עי, זיגערס, עי, זיגערס,
מיר זיגן אַ זיג!

מיר צאַמען די װעגן,
מיט אונזערע פערד,
מיר פלאַמען אַנטקעגן —
מיט שווערד קעגן שווערד.

באַוואָפן דיך, ווייל נאָענט איז דער טאָג פון צערעכענען-זיך,
דער גרויסער טאָג פון פעלקערס איזדערעכענען-זיך.
באַוואָפן דיך!

קלעפּ-צו דיין טריט צום סוינעס הייסן קנאַפּל,
העץ אים, יאָג אים, ביז צום לעצטן שטאַפּל.
מאַך אים מיד, פאַרמוטשע אים, פאַרפאָלג —
מיט כעשבן, מיט אַקשאָנעס און מיט טאָלק.
פאַרשלים מיט שווערדן-הענטל דיר אַליין די וואונד,
נאָר מאַך מיט פאַלשן שאָלעם נישט קיין בונד.
באַוואָפן דיך!

דעם סוינעס האָפנונג טו העצן ווי מ'העצט אַ האָז,
פאַרטרייב זיי אינעם גיפטיקן זומפּן-גראָז.
פאַרטרייב זי ביז צום האַלז אין טייך אַריין

און טרייב דאָס וואַסער העכער, — מיט אַ שטיין.
אָ, שלאָף־נישט־איין אין זיסן זיגער־שוויים —
אַז די שלאַכט ברענט פּלאַטערדיק און היים.
באַוואָפן דיך!

## 2. ענטפער

ווי וועלף וועלן מיר היילן, ווי בערן וועלן מיר טאַנצן,
און וואַרפן צוגעשפּיצטע פיילן אין די שאַנצן.
מיר וועלן זיך באַוואָפענען!
די ווילדע הינט פון אונזער נויט־נעקאָמע וועלן העצן, העצן,
ביז לויפן וועלן אַלע בעסטיעס אין אונזערע נעצן.
דער וואַלד־האָרן וועט רופן צו דער פּאַליוואַניע —
אַף טכויר, אַף פוקס, רויב־פויגל און קאַניע.
מיר וועלן זיך באַוואָפענען!
די לעצטע שרויט, די לעצטע קויל
וועט רויכערן אין יענעם פויגלס מויל —
וואָס האָט מיין אַקסל בלוטיקן געמאַכט,
אַף אַלע טויבע קליאַמקעס פון דער נאַכט.
מיר באַוואָפענען זיך!

דורך סאַמון, וואָס בלאָזט מ׳זאַמד אין אונעזרע אויגן —
וועט פליען די פייל, וועט נאָכפליען דער בויגן,
וועט נאָכקומען די האַנט און אין אַ האַלז זיך קלאַמערן,
און די לעצטע שאָ וועט ניטעווען און האַמערן,
ביז הערלדיש קאָל, מעטאַליק־שאַרף
וועט רופן דורך טרומייטן פון דער נאַכט:
„זייַ באַוואָפענען זיך!"

## זייט גרייט, פראָלעטן!

אימפּערקריג! אַף שטאָל און ביין און שטיין —
עס ווערט פון אונז געשלאָגן אַ טרעוואָגע:
וואַך-אויף פּראָלעט, אן שטעל דיך אין די רייען,
שטעל דיך קעגן אָנקום פון דער בלוטיקער כאַגע!...

עס גייט אויף אונז גאָלדאויגיקער דראַכן,
זיין טייסטערפּיסק איז גרייט אונז אויפצופרעסן,
עס רעדט גויסעסער הענקער אַף פיל שפּראַכן,
באַ יאַפּאַנס טויערן, באַ פּוילענס קרעסן.

צעבראָכן ליגט דער פרידן ווי געוואָרפענער שטיין,
הייליקע פּאַטשערעס קענען ניט פאַרהיילן!
שוין טראָגט זיך הויך שאַקאַלישער געוויין,
שוין ברומען די היעניעס אין די היילן...

דער קריזיס שטייגט! דער שטורעמווינט געוויינט;
מיר וואָס וואוינען אונטן וואַכן פעסט און זיכער, —
עס זאָל דער זעלבסטמערדער אין באַלון וואָס ברענט,
נישט פאַלן ברענענדיק אַף אונזערע דעכער...

עיהאָ! שטייט אויף! דער קריג קומט אָן!
שוין גרינצט אַף שטילער שוועל געפלעקטער לעמפּערט;
איז אויפוויקלען די שלאַכט-פאַררויכערטע פאָן!
איז פאַרשנעלערן די שלאָגלערישע טעמפּן!

דער קריג קומט-אָן! ער גאַנווועט זיך דורך ליקן,
ער קומט דער טרוס, מיט איינגעהילטע פאָנען...
נאָר טרעפן וועט זיין מעסער נישט אין רוקן,
מיר גייען אים אַנטקעגן גלייך אין פּאָנים.

מיר ריכטן זיך, אַז נישט-געריכטערהייט
וועט גאַזלען אונז אין מיטן נאַכט אָנקלאַפּן...
איז שטייען מיר געזאָטלט, שטענדיק גרייט,
און שלאָפן מיט דער פויסט און ביקס צעקאָפּנס...

## אייזערנער אַרשין

איך מעסט מיך אַף אייזערנעם אַרשין.
איך מעסט אויך אַזוי די אַנדערע,
איך וועל אין די פּוסטע וויינגערטנער
שוין קיינמאָל נישט וואַנדערן.

איך וועל שוין די ליבע־וואַזאָנעם
נישט שטעלן ווי „לאָמפּ אַפן פענצטער“;
פון אַלע מיינע אַלטע ליבעם —
איז מיין ליבע צו דער וועלט די שענצטע.

איך וועל שוין שטענדיק באַזינגען
דעם קוימען, דעם עלנטן טשוואָק.
און איר וועט מיך מער נישט רירן
מיט אייער אַכטער־באַכטער־קעלישאָק.

איך מעסט מיך מיט אייזערנע מאָסן,
און מעסט אויך אַזוי די אַנדערע;
און ווער סי פאַרקויפט זיך פאַר ראָסלפלייש,
און ווער סי פאַרקויפט זיך פאַר מאַרכביין —

דער זאָל מיר גיין אויסן וועג.
בייגאָד! איך וועל אים דערשלאָגן.
איך מעסט מיך אַף אייזערנעם אַרשין,
איך וועג מיך אַף לענינשע וואָגן.

## אין מעטאַלענעם שפּיגל

1

איך האָב זיך אַמאָל געבויגן
צום אייגענעם קאָפּ.
אָבער קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט
צום ראָסל־טאָפּ.
איצט בייג איך מיך בלויז דאָרטן,
וואו מ׳דאַרף דורך שטורעם אַ לויף־טאָן,
איצט בייג איך מיך ווען אַ דעמב קראַכט
סקאָסנע אין דער לופטן.
איצט בייג איך מיך צו אַלע הויכן,
צו אַלע קאָמוניסטישע דעקרעטן;
איצט בין איך אַ מענטש צישן מענטשן
און נישט קיין פּאָעט צישן פּאָעטן.

2

מיט וואָגשאָל פאַר פּלייצעס,
מיט שווערדן פאַר אָרימס;
אַ האַרץ פול מיט גלעקער,
מיט גלעקער פון שטורעם.

אָ, אַזוי וועל איך גיין
פון איין לאַנד צום אַנדערן.
מיט פאָן און מיט פויסט
וואַנדערן, וואַנדערן,

ביז פון קייטן צעבראָכענע
וועט׳ן שמידן קאָמביינען,
ביז דראָטקופּעס מאַכענע
מיט ראָסט וועלן וויינען.

ביז באַפרייאונג טוט קומען
פאַרן אַרבעטער־קלאַס,
און ס׳פוילן אין קוואָרים —
די „פלייר דע מאַל“.

## געזאָטלט

.1

ווער רייט עס מיט זאָטל און זאַק
דורך ווינטיקן וואַלד און דורך קשאַק?
ווער קלינגט מיט פּידקאָוועטע פּיס אַף דער בריק?
עס איז איך, באָלשעוויק!
אָנגעשטרענגטע קריגסלייט —
מיט פּאַנצערס
פון געקאַרבטן, האַרטן בלעך,
האָרכן־אויף, זופּן־אוים יעדן שאָרך.
פונוואַנעט דאָס פייער?
פונוואַנעט דער רויטלעכער פּאַס?
די נאָזלעכער שפּירן סמאַליענע,
האָר אין די נאָזלעכער פון צייטיקע קריגסלייט ציטערן,
מיט אַנונג פון פלאַמקום.

מיר רייטן מיט זאָטל און זאַק
דורך ווינט און דורך קשאַק.
מיר שלאָגן מיט פונקען,
מיר זיינען אַ גייענדע בריק.
מיט זאַק און מיט זאָטל און פערד,
מיט ביקס און מיט בוך און מיט שווערד.
אַף אַקסל דער שטאָלענער בליץ
ער קוקט מיט געניייווישן שפּיץ
צום הימלס פאַרגילדעטן פליך
און ווערט נאָך מער טאַקעף באַ זיך

.2

שטיוול גלאַנצן אַף שאָסייען פון דער נאַכט,
דער ווינט וויינט, אַז מיר לעבערן אים מיט אונזערע שטיוול־נעז.
די זעק אַף די זאָטלען הוידען זיך ווי לונגען,

אָטעמען לוסטיק און שווער.
מיט דאַרע, טונקעלע גרודעס איז פול די ערד.
דער יוגער פראָסט קושט די האָר אין אויער און... שאַ, און זאָג
נישט אוים!
די נאַכט — אַ בעכער אַרומגעזועצט מיט בלאָע, רויטע,
געלע גלעזלעך,
די נאַכט איז שיין — כאַטש נעם און שענק זי אַוועק
אַן אָרעמער קאַלע דראַשע-געשאַנק.
די נאַכט איז געזאָטלט מיט שיינקייט, ווי מיין רייט-פערד
מיטן זאַק.
נאַכט איז ווי האַרבסטיקע טערנעס — קאַלט און געשמאַק.
איי, פראַכטיקע נאַכט! מיט דיר און מיט זאָטל און זאַק
מיט דיר און מיט ביקס אַפן אַקסל,
צו רייטן, צו רייטן אין קלאַקלאַקלאַקליץ
אַף פראָסטיקע פויסטן פון דר'ערד, —
אַף גרודעס פאַרשלאָפענער ערד!

3.

ווי אַ יונג היים-בלוטיק פערד צום ערשטן מאָל
געזאָטלט און געצניימלט, ציטערן
ציטערן אונזערע פלאַנקען מיט אומגעדולד.
קאַפּעט די הייסע, ווייסע שוים אַראָפּ פונם מויל.
שפּיגלאַטן-ליטקעס, טענצלדיקע,
דאַרשטן נאָך שטרעקעס, הונגערן נאָך מיילן,
שלאָגן' פונקען, פונקען, פונקען.
מיר גייען אין אַ רעגן פון פונקען,
מיר דונערן העלע הוראַען
דער וועלט אַנטקעגן,
מיר רייטן מיט זאָטל און זאַק
דורך ווינטיקן וואַלד און דורך קשאַק.
עפּנט-אויף, עפּנט-אויף, עפּנט-אויף —
דעם טויר פון פריצישן הויף.
עס איז איך מיטן שווערד אַפן פערד,
וואָס וועט ברענגען דעם פרידן אַף דר'ערד!
עפּנט-אויף, ווער ס'איז גייציק נאָך גליק,
עס איז איך, עס איז איך באָלשעוויק.

## אונטער דער ערד

אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד,
וואו קויל איז מיילעך,
וואו טאָג איז בלינד,
דאָרט ברומט עס אַצינד:
„וואו־או־או־או".
וואו?
אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד.

וואָס איז דאָרט געשען?
עס שלאַקסט דינאַמיט,
עס האָגלט מיט בליי,
און טיף אין דער טיף
זעצט פייער און מיסט.
„וואו־או־או־או".
וואו?
אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד,
דאָרט יערט עפּעס, יערט,
דאָרט ווערט עפּעס, ווערט,
העט אונטער דער ערד.
צי וויינט עס די ערד?
ניין, ס'וויינט נישט די ערד.
נאָר סקאַלעס מיט בערד
האָבן נאָך אַזוינס נישט געהערט.

„וואו־או־או־או".
וואו?
אונטער דער ערד,

העט אונטער דער ערד.
מיינערם אין אויפשטאַנד,
און מינען אין בראַנד,
און קוילעס פּאַרדעמפּטע,
און שטאַרציקע הענט:
„וואו־או־או־או־או!
וואו־הו־הו־הו!“
אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד...

איז אַלץ שוין פאַרצערט
דאָרט אונטער דער ערד?
ניין. פון קויליקן טויט
שלאָגט פלאַמיקער קנויט,
זיגט רויט אָדער טויט!...
ברויט, ברויט, ברויט.
רויט, רויט, רויט.
„וואו־או־או־או־או!“
וואו?
אונטער דער ערד,
העט אונטער דער ערד...

# מ י ש פּ אָ כ ע

צישן יופּיטער און מאַרס און סאַטורן,
קומען די פינצטערע פּעטערס צעפּאָרן.
אַ פּעטער מיט באָרד ביז איבער די אויערן,
טוט רעדן און רעדן און בויערן און בויערן.
ער קאָן די מעלאָכע פון שפּאַלטן אַ האָר,
איז פול מיט דער כאָכמע פון סטעכלער געמאָרע.

שטייטש און וואָס רעדסטו... אַנו, לאָמיר נאָר זעען...
אַזוי איז דאָך אייביק און אייביק געווען...
דער רייכער איז רייך, דער אָרעמער — אָרעם...
איז וואָס מאַכט׳ן אַ טומל? וואָס מאַכט מען אַ שטאָרעם...
וואָס וואָלסטו געוואָלט? אַז ס׳זאָל זיין פינקאַפויער...
און מאַכן פאַר פּאָריץ איוואַנען דעם פויער?...
און פירן אַ וועלט? מיט וועמען? מיט וועלכענע?
מיט יאַנטשע דעם שוסטער, מיט הענעך דעם בלעכער?
און צונעמען ביי אונז — ביי מיר און דער מומען —
דאָס גאַנצע געוועלבל מיט שפּייז און מיט בסאָמים?...

באַהנשער אַמאָל... און עפּשער... און טאָמער...
ביז ס׳קומט די נעכאָמע ט׳אַרוים די נעשאָמע...
וואָס טויג מיר דאָרט מאַרקס, וואָס טויג מיר דאָרט ענגלס?
דער איקער איז פּ אָ ר ט דאָס מעזומענע רענדל!
מ׳זאָגט דאָך אַ ווערטל אַז „האָסטעניש-ביזטעניש"...
אַ לאַנד אָן מיסכער איז גאָר אַ פוסטעניש...

דער פּעטער דער לאַנגער, דער בייזער, דער מראַקע,
ער זאָגט „צי די גלויבסט די באַלשעוויקעס טאַקע?
דאָס-אַ פאָלק, הערסטע מעך, אָן גאָט, און אָן אַלעמען,
זיי זיינען נאָך ערגער פון דיין שוואָגער זאַלמען...
ס׳דאַוונט נישט, ס׳בענטשט נישט, ס׳לייגט נישט קיין טפילין...

דער פּרעזידענט אַליין גייט ביי זיי אַנגעטאָן אין ציווילן...
דער גאַי איז קיין גאַי ניש, דער איד איניש קאַ איד...
מ׳אָמיר זעך שוין איינמאָל אין לעמבעריק מיט זיי אָפּגעבריט"...

(דער פעטער דער שוויגער, דער מראַקע, דער בייזער —
ער האָט אין סוניק צוויי איינעגע הייזער!)

נאָר דער פעטער מיט ברילן — דער בריזשאַנער מאַסקיל,
ער קוקט אַף מיר שטום און קוועטשט מיט די אַקסל;
אַזוי... איז אַזוי... הייסט דאָס מאָסקווע... גאָר מאָסקווע!...
איז הייסטעס נ י ש ט שיידעמאַן... און נ י ש ט קאַוטסקי...
און נ י ש ט נאָסקע...
נאָר וואָדען גאָר?... איפּכע-מיסטאָווריע... אייערער דאָרטן...
לענין...
ני מאַילע... אין אַ נייער שיהל, מיט אַ נייער נערטאָמיד ברענען...
איז ווי זאָגסטע? נישט ציען... און נ י ש ט דער הייליקער
וואָרצל,
נ י ש ט אינים שיינעם לאַנד פונם שיינעם דר. הערצל...
ני, מאַילע... לאָז זיין אַזוי, וואָס קענמע טיען?
אַז איך בין גאָר טויט, און ליג אַפן קוואָרעס אין ווין...
אַז וואַי איז צו מיין טויט! וואַי איז מיר כ׳לעבן און ווינט!
דו ביזטאָך עפּים צי ניין? — אַ טאַטנס אַ קינד...
מיין ברודערל איציק האָטעך געלערנט ווי אַזוי די ציין צו פּיצן,
צו וועלכע גוטעיאָר? צו וועלכע נוצן?
זאָלסט קענען מיט דיזעלבע ציין רעדן אַף גאָט, אַף יודאיזם,
אַפן גאַנצן נאָבעלן שטאַאַטס-אָרגאַנזים...
פרידריך שילער האָט שוין אַמאָל געזאָגט טאַקע אין דער
„גלאָקע"...
נאָר כ׳וויים דו ביסט אין דייטשן מער פון מיר באָקי...
דער קאָפּ איז דיר נישט אויסגעדאַרט, נאָר דער גוטער יאָר
ווייסטעך —
וואָס שלעפּט דיך צום אינטערנאַציאָנאַליזם? וועלכע פּרישטש
רייסט דיך?
קען דען זיין שענער ווי אידישקייט?... האָוודאָלע...
שאַבעסקוידעש... זמירעס?
כ׳קען גאָרנישט, הערסטו, צו פאַרשטיין וואָס מיט דיר איז —

ביזט אַ גאָי? ביזטעך קיין גאָי אויכעט נישט...
עלע וואָ־זשע דען ביזטו? ווייסעך נישט!...
אַ מענטש מוז דאָך ע פּ ע ס זיין, צי ניין?
אָט נעם, נאָמיר־זאָגן, מעך אַליין —
בין איך טויט... נו, גוט, בין איך טויט! אָבער אַ מיינונג האָביך!
מ׳קען נישט איבערגעבן די וועלט, צו יוקל גראָבאַרד,
אָדער צו נאָך אַזוינע וואַגאַבונדן, באַלעגאָלעס, שמידן...
און שאַ, כ׳בעטיך זייער, וואָסטו טיען מיט די שיינע אידן?
מיצע־וואוע? מיצע... ליקווידירן... בײם דיר אָפּ די צונג!
אויבע אַזוי, רעדסטע דאָך שוין גאָר ווי אַ גראָבער יונג...
הער נאָר, כ׳בעטעך, אַזוי רעדט אַ אידישער שרייבער?
אויב, אַזוי — גיי איך מיר קריק אין קייווער!...

דער בריזשאַנער פעטער, קנעפּלט מ׳שלוסראָק צו
און גייט זיך אַוועק אין זיין אייביקער רו.
ער גייט איבער בלאָטעס, קלויבט ציכטיקע טריט,
און אַהער־צו צו מיר קומט ער מער נישט.

און איך בלייב אַליין מיט מיין אַרבעט און מי,
אוי, ברידער, כאַווײרים, ווי גוט עס איז מיר!
דער שוויים אַפן פּאָנים איז היים און איז זויער...
נאָר וועֹר ווייסט פוֹן פסוקים? ווער ווייסט פון טרויער?
אוי פעטערס, געשטאָרבענע, געזעגנט מיך אָפּ!
איך אָטעם מיט אַרבעט, איך אָטעם מיט שאַפּ.
בין אָרים אַליין און טראָג הונגער אין בויך —
און פייער און מעסערס און סאַם טראָג איך אויך.
און וואָס קערט איר מיר אָן — פון קרויווישן טראַכט?
איר הענדלער, מעלאַמדים, פּאָסעסאָרס פון פאַכט?
איך לעב ווי אַ הונט אין הייל מיט די וועלף,
מיט די ציין וועל איך מאַכן פון יערושע אַ טעל.
איך שנייד מיך פון פּאָדעם פון „גאָלדענעם“ אָפּ, —
און וואַרף אינעם שטאָרעם מיין בלוטיקן קאָפּ
און קרויווים? כ׳האָב קרויווים, כ׳האָב קרויווים אַ סאַך!
אין יעדיינציקן לאַנד, אַף יעדיינציקער שפּראַך.
און טרעפט איר מיר אָן — אַזוי ליב ווי איר זענט —
צישן מיר, צישן אייך שטייען שטיינערנע ווענט!

מיין פאַן איז מיין פאָן, מיין פיינט איז מיין פיינט —
עס פלאַקערן נעכטנס אַף שייטערס פון היינט...

צישן יופיטער און מאַרס און סאַטורן,
קומען די פינצטערע פעטערס צעפאָרן.
זיי שמעקן מיט מיקווע, מיט זיסע קאָרים־בלומען...
אין שימל פאַרשימלט, אין שפינוועבס פאַרשפונען...
דער איינער טראָגט אין האַרץ אַ דאַרן טייסטער,
דער אַנדערער איז פון פסוקימלעך אַ מייסטער.
נאָר איך איינער קער זיך מיט זיי גאָרנישט אָן —
איך שפאַן מיט אַ הוילן קאָפּ און אַ ליכטיקער פאָן,
אין קאַמף קעגן אַלע טויטע פעטערס, טויטע שטאַמען, —
אין קאַמף קעגן אַלע יערושידיקע סאַמען...

# גאַנדי

דער קוואַרער מאַהאַטמאַ רעדט:
„מיין פאָלק, מיין אינדיש פאָלק!“
ווי אַזוי איז׳ם דיין פאָלק, דו פאַררעטער?
„דיין“ פאָלק גייט-אויס ווי אַ לעכט,
„דיין“ פאָלק האָט צעפּראַלט זיין האַרץ פאַר פרידנשלענג,
וואָס דו האָסט אַרויסגעצויבערט מיט דיין קונציק וואָרט.

אינדיע, ווי בורמאַ, ווי בענגאַל, קישען מיט שלאַנגנעסטן ענגלישע,
קישען מיטן סאַם פון די גראָבע קאָברעס, די טשעסטערטאָנס,
ווי מיטן סאַם פון די איידעלע, מוטיקע קלאַפּערשלענג — די קיפּלינגס.

גאַנדי! דו האָסט געלערנט דיין שפּיל אין די שולצימערן פון אָקספאָרד,
גאַנדי! דו האָסט דיך געגרייט אין דער וועלט אַריין מיט דעם קלאַפּערגעצייג פון אַן ענגלישן אַדוואָקאַט,
ווי אַ גוטער ביזנעסמאַן, האָסטו יונג באַגריפן, אַז
דאָרטן וואו סי קאַפּעט אָפּ אַ ביסל רעוואַך פון געבראָכענע שטיין-לוכעס,
קאַפּעט-אָפּ אַ בעסער פאַרדינסטל פון געבראָכענעם מוט פון אַ פאָלק.
דיין גאַנץ לעבן האָסטו צווייגן געבויגן צו דרע׳רד, מאַהאַטמאַ,
האָסטו דאָס האַרץ פון דיין פאָלק געצויגן צו דר׳ערד,
סי זאָל נידעריק זיין, נידעריק זיין, נידעריק זיין.
אָפּן קאָפּ פונם לייב ביזטו געזעסן, מאַהאַטמאַ,
אינם זוניקן גלאַנץ פון רום,
און אים צישן די אויגן געגלעט: ליולינקו, מיין לייב.
מיט דיין פּיסקל פון וועלכן סי פליען פרידנפייגעלעך—

האָסטו דעם ליב דעם הונגעריקן פּאַפּיק־שפּייעכץ אין אויג
אַריינגעשפּיגן
און אים די ברעמען פאַרקלעפּט. „ליולינקו, מיין לייב“.
און האָט דער לייב געברילט פון הונגער, האָסטו אים
זאַלץ געגעבן אַף דיין דלאָן ווי אַ שאָף.
„דיין“ לייב איז נישט קיין שאָף, מאַהאַטמאַ!
דיין צויבערפייפל האָט זיס געשפּילט דאָס מעטאַפיזישע לידל,
אַז „אַלץ וואָס אַ מענטש האָט ליב, מוז ער פיינט האָבן,
און אַלץ וואָס ער האָט פיינט, מוז ער ליב האָבן“.
מיט דעם הייליקן שטינק־וואַסער פון גאַנגעס
האָסטו געשוווענצלט דעם מאָרד פון דיין פאָלק און געהייסן די
מערדער צופרידנלאָזן,
און שטיל ווי מיימים גייען איבער די גאַסן, מיט צעשויבערטע,
אַראָפּגעלאָזטע קעפּ,
מיט פיס פאַרשמירט אין קיצוים פון הייליקע אָקסן,
און טראָגן לאַנגע, וואָרטגעשליפענע נאָנרעזיסטאַנץ־איקאָנע־
שפּיגלען,
אין וועלכע די רואיקע מערדער ווערן געבעטן
אַזוי גוט צו זיין אַריינצוקוקן און פאַרשעמענזיך!

מי זאָגט, מאַהאַטמאַ, דו פאַסט טאַניימים, פּייניקסט דיין גוף,
טראָגסט אַ האָריק העמדל אָפן לייב.
האָסט קיינמאָל קיין לויז נישט דערהאַרגעט אַף זיך, —
מזאָגט, אַז גוט ביזטו צו לייז און צו פליי און צו
שלענג, און צו קי, און זשאַבעס און אומפלייט.
אָבער „דיין“ פאָלק, מאַהאַטמאַ!
זע, ווי „דיין“ פאָלק פילט־אָן דעם בעכער מיט בלוט
אין די הענט פון דעם ענגלישן לאָרד!
זע, ווי דיין פאָלק איז פאַרקנעכטיקט אין יאָכן פון גאָלד און
פון אייזן,
זע, ווי באַם „רונדן טיש“ אין לאָנדאָן שטופּן זיך פעטע אינדישע
בייכער אַרויף,
אָנגעפּעלצט מיטן פעלץ און זייד און גאָלד און זילבער פון
אינדיע,
פעט מיטן בלוט פון די פאַרהונגערטע אַרבעטער פון באָמבעי,
גלאַנציק מיט דעם פיש־גלאַנץ פון אויגן דערהאַרגעטע,
וואָס אַ פליג זשומט אַף זיי איר געוויין.

מאַהאַטמאַ! דיין גאַנץ לעבן איז אַ מאַציייווע אַ גאָלדענע,
וואָס דו שטעלסט דיר אַף די אַקסל פון אַ פאַרפייניקט פאָלק.
דיין גאַנץ לעבן איז אַ זשעסט פון פוסטער הייליקייט, מאַהאַטמאַ!
אינדיע שרייט, אינדיע ברילט, די געדערים פון אינדיע ברומען
פון הייסן הונגער.
— וואו ביזטו, מאַהאַטמאַ?
באַם בלאָטיקן טייך גאַנגעס זיצסטו און קראַצסט דיר די וואונד,
וואָס דו דאַרפסט דיר ערשט אָנקראַצן.
דיינע הייליקע וואונדן שטינקען, מאַהאַטמאַ!
דיינע קוואַרע ליפּן, וואָס ציקן־אויס אַביסל שיטער ראַכמאָנעס
צו דער וועלט,
זענען בייסאַמיקדיש־שלענגעלעך בייזע, ערשט פון דער שוועל
אַפּיר.
וואָס קאָכט זיך בּאַ דיר אין קליינעם, נאַקעטן קאָפּ־קעסטעלע,
מאַהאַטמאַ?
וואָס שפּרייטן זיך דיינע ביינערדיקע הענט צו פליען
איבער די ווייטע הימאַלאַיען?
וואָס טראָסטו אַף דיין הינעריש האַרץ, מאַהאַטמאַ?
נישט די וועלט, וואָס איז דיר געלאָפן אַקעגן.
אַ קוק געטוען אַף דיין רואַכאַקוידעש און געוואָרן אַ טאָלפּן
זאַלץ?
דיין אין־אייביקייט־איינגעזאַלצן האַרץ, מאַהאַטמאַ,
איז רואיקער, הייליקער שטיין, גאַנדי!
צי גייט איבער דער וויסטעניש פון דיין האַרץ דער לאַנגער
זיפץ פון אינדיע,
צי טריפט די נאַקעטע פעל פון דער אינדישער נאַכט מיט טרערן
אַף דיר?

דער לייב איז אויפגעשטאַנען, מאַהאַטמאַ!
ער וועט דיך פון זיין קאָפּ אַרונטערוואַרפן, גאַנדי!
גיי, זינג דיין שלאַנגען־ליוליו צו די שלענג —
דו, פון וועמענס פיסקל סי פליען פייגעלעך פון שאָלעם. —
דער וואָרצל פון דיין וואָרט איז טיף אין זומפּ פון ענגלישער
קרוין,
דיין ווייסער פליגל־געפלאַטער—איז דער רויש פון אַ קריג־
עראָפּלאַן
איבער אינדיעס שטעט.

אַלע קוימענס פון אינדיע, אַלע קנאַכיקע הענט. אַלע דאַרע
ביינער פון אינדיע
שרייען איצט דיין פאַרדאַרבונג, גאַנדי!
בלויז די צעלייגטע קי אין די גאַסן פון אינדיע מאַלעגיירען נאָך
דיינע גראָזיקע ווערטער פון פרידן.
אומשטערבלעך? יאָ, ווי ס׳איז אומשטערבלעך נירון־קייסערס
פידל.
אין הימלהויכער פּיראַמיד וועט זיין דיין נאָמען צו שאַנד
זיך אַליין, קעגן הימל.
די ערגסטע פינצטערניש איז די פינצטערניש צעפּוסנס פון א
לויכט־טורעם.
סי לויכט שוין רויט אינדיעס טורעם, מאַהאַטמאַ!
און דו ביזט פינצטער, מאַהאַטמאַ!
און דו ביזט טונקל, מאַהאַטמאַ!
ווי דורך אַ פאַרזשאַווערטע לייקע אַרויסגעוואָרפן אַפן נאַכט־
מיסט
רינט־דורך לעוואָנע־שיין —
גאַנדי, אַזוי וועסטו זיין!
די ערשטע טראָפּנס פון דיין פאַלקס צאָרן זענען שוין געפאַלן
אין דער דאָרשטיקער ערד פון אינדיע, וואָס האָט זיי היים
איינגעזאַפּט,
ווי אַ מאַמע זאַפּט־איין דעם קינדס ערשטע טרערן.
באַלד וועט רעגענען, מאַהאַטמאַ!
באַלד וועט דער שטורעם שווענקען דיין לאַנד, גאַנדי,
און ווי אַ נולציפער פון קרייד, וועסטו אָפּגעווישט ווערן
פונם לעבעדיקן, זינדיקן לעבן, מאַהאַטמאַ,
אין דער שטינקענדיקער, פּוסטער אייביקייט אריין!

## רעב יאַנקעלע הענקער

1.

רעב יאַנקל דער הענקער קומט אַהיים באַנאַכט
מיד און מאַט און אָפּגעשוואַכט:
געהענקערט היינט אַ זיבן שאָ,
געהענקערט זינט דעם מאָרגנגראָ.
קומט אים זיין ווייב אַקעגן:
וואָס מאַכסטו, מיין ליבלעבן?
וואָס זאָלן מאַכן, ענטפערט יאַנקל און גלעט זיך ס'באַכל:
צו זיין אַ הענקער איז נישט קיין גרינג מאַכל:
די לייט זענען פויל און ווילן נישט גיין צום טויט.
איידער מי האַקט איינעם אַראָפּ מ'קאָפּ קומט אָן מיט נויט.
זיי מאַכן גוואַלדן, טומלען, האָבן נישט קיין מאַניערן.
אַנדערע גייען אַזוי ווייט, אַז זיי גיסן אַזש מיט טרערן.
נאָר לאָמיר רעדן פון פריילעכערע זאַכן—פיש מיט כריין
וועט היינט זיין?
זיין. וואָדען, נישט זיין? זיין פיש מיט כריין
און לאָקשן און צימעס און יויך וועט זיין אויך.
וויש אָפּ די האַק. ס'איז שוין טאַקע זייער שפּעט.
איז עס־אָפּ וועטשערע און — אַריין אין בעט.
ביזטאָך זייער מיד פון היינטיקן הענקערן וואַרשיינלעך,
טייערער מיינער, מיר זאָל זאַהן פאַר דיינע ביינדלעך!

2.

דער הענקער האָט אַ זון, אַ טאָכטער, אַ געגילדטן שפּיגל,
און אַלע יאָר שטעלט ער צו אַ קינד צום יידיקן וויגל.
דער הענקער האָט ליב צו לעבן ברייט און יוסטע.
פאַר דער שטוב שטייט באַ אים אַ רויזנקוסטע.
אין שטייגעלע אַ פייגעלע—אַ קאַנאַריק
סווישטשעט זייער שטאַריק.
אָף דער וואַנט קופּערנע קיילים גלאַנצן מיט נאַכעס און געפיל,

הינטערן קאַפּל־אויוון ציקעט אַ גריל.
יאַנקל האָט אַ זון און אַ טאָכטער. דער זון הייסט הענעכל
און האָט אַ פּאָנים פון אַ בליצטראָפן אין אַ געלעכל
(סי קען זיין, אַז מיר׳ן נאָך רעדן וועגן אים און זיין פּערזענלעכן
אָנבליק,
אויב נישט, איז אויך נישט קיין גרויסער אומגליק!).
דעם הענקערס טאָכטער, ציפּיע־אַמאַליע,
האָט זייער אַ שיינע טאַליע.
די אויגן גראָ ווי די פעדערן פון אַ קאַניע,
די בריסטן ווי דאָס פּאַדערהויז פון אַן אַכסאַניע.
און כאָטש די אומשולד איז באַ איר אַביסל קאַליע,
מאַכט זיך פונדעסטוועגן נישט וויסנדיק אונזער אַמאַליע.
ווייל נגידישער איכעס איז דאָך זייער גרוי־עס,
איז זי באַ איר מאַמען אַ לעכטיקע רוי־עז.
מ׳רעדט איר שידוכים פון אַלע ווייטע קאַנטן,
מיט פּערלגרויפּן־סאָכרים, מיט זייפנבלאָז־פאַבריקאַנטן.
נאָר אַמאַליע טוט אַלץ קלויבן און קלויבן.
זי וויל ס׳זאָל זיין גוט פון אונטן און שיין פון אויבן.
זי וויל טוירע און סכוירע און גע־פּיצ־טע שטיוול.
זי וויל אַ כאָסן, וואָס זאָל קענען שרייבן אַ דייטש בריוול,
זאָל זאָגן האַבעדיעהרע, און קענען רייטן אַף אַ זאָטל.
סי איז איינמאָל זיכער, אַז ער טאָר נישט הייסן מאָטל.
אָט אַזאַ איז אונזער גנעדיקע ציפּיע־אַמאַליע,
וואָס שמעקט מיט לעבן ווי אַ ציבערנע כוואַליע.
שטענדיק זעט איר זי אַרומגיין און לעקן אַ צוקערל,
אָדער זיצן באַ אַ ביכל און אַרויסקוקן דורך אַ קוקערל.
זי האָט זייער ליב די ראָמאַנען אין די וואַרשעווען בלעטער,
וואו סי דערציילט זיך וועגן די גריכישע געטער.
(איעדער זאָך האָט זיך אַ באַזונדערן גאָט: ווי לעמאָשל:
„דער גאָט פונם געדישעטן גריינשל״,
דער גאָט פון לאַקריץ, דער גאָט פון ווייסן גרעט,
יעדער גאָט האָט זיין ספּע־צי־אַ־לי־טעט!).
שאַבעס וואַלגערט זי זיך אַרום מיט זיגמונד דעם גאַבעס.
און דער טאַטע שרייט: נ־יאָ... כילעל שאַבעס!

3.

הענעכל נעמט מ׳טאַטנס האַק, ווישט זי אָפּ און שטעלט זי אַוועק
וואו מ׳דאַרף.
(ער פּריפט דערווייל מיט אַ נאָגל צי די האַק איז שאַרף).
דער טאַטע גיט אים רענדל אין קאַלטן געלט,
קושט אים אַפן שטערן, רופט אים „מיין גאָלד״.
אין שטיבל ברענען שאַבעס־לעכט, ס׳פינקלט דאָס קידעש־בעכערל
און יאַנקעלע הענקערס ווייב בלאָזט אָפּ זיך מיטן פעכערל.
יאַנקעלע זינגט: מלאכי השרת, מלאכי עליון.
דאָס געזאַנג קיצלט דעם פּופּיק פון דער געקאַלכטער סטעליע.
וואו אַ הענגלייכטער הענגט אַ געהאַנגענער און ציטערט
באַנאַכט,
קוקט אַף יאַנקעלע הענקערס בעקעשע און טראַכט, און טראַכט.
סי קאַפּען עטלעכע ביילעוונע טרערן פון הענגלייכטער אַראָפּ,
און פאַלן יאַנקל הענקער אַפן שטריימל אַרויף.

4.

איינמאָל איז געווען אַ שלעכט יאָר, דערציילט העניע די שענ־
קערין,
רעב יאַנקעלע הענקער האָט נישט געהאַט וואָס צו הענקערן.
הענעך און אַמאַליע גייען אַרום אונטער דר׳ערד. טראַכטן ס׳עקט
זיך די וועלט,
יאַנקלס ווייבל נעבעך קלאָגט און וויינט, שיקט לעכט אין שול
אַריין און—שעלט.
ראַכמאָנעס שווימט ווי אַף אַ ברייטן טייך אַ דינע פּאָן:
„גאָט זאָל העלפן אונזער רעב יאַנקעלע זאָל האָבן וואָס צו טאָן.״
„אַ שיינער איד ווי אַ גאָלד״, זאָגט עטיעמעטיע די טיקערין.
„אַ גרויסער באַלצדאָקע״, זאָגט עלקע די הינער־פּליקערין.
די פעלדמעסטערין ביילטשע, וואָס טוט נישט שאַבעס אין שניי,
לאָזט אַרויס אַ געדישעטן אָך־און־וויי,
שנייצט זיך די טויטע נאָז און זאָגט: „די וועלט איז קיין וועלט
נישט,
אַז עך האָב קיין מייסים, און רעב יאַנקל האָט קיין געלט נישט״.
„רעב יאַנקל מיט דער ברייטער האַנט״, זאָגט דער שאַמעס
רעב כאָניע,
און שטופּט אַ שמעק־טאַבאַק אין זיין קאַטשענער נאָניע.

„רעב יאַנקל מיט דער ברייטער האַנט, אַז ער האָט האָבן אַלע,
ער שטיצט דעם כאָסן, ער גיט דער קאַלע.
סי איז, פאַרשטייט איר מיך, אָדין־דרוגי:
אָדער איך בין מטורעף, אָדער גאָט איז משוגע.
אַזאַ איד ווי רעב יאַנקעלע איז ווייט צו זוכן אין אַלע לענדער,
(נישט אומזיסט האָט ער אין מיזרעך־וואַנט דעם שענסטן
שטענדער!)
ער איז אַ איד מיט אַ ברייטער האַנט. אַז ער האָט האָבן אַלע.
ער שטיצט דעם כאָסן, ער גיט דער קאַלע.
בע ,רעב יאַנקל, רעב יאַנקל, וואָס טויג מיר די אַלע מויצעס־מיט־
קלייען,
גאָט וועט געבן סעט זיין גוט. לאָמיר נעמען אַ לעכאַאים!“

5.

הענקערבערג האָט זיך געפרייט, ווען איינמאָל האָט מען פון
יאַנטשע בענקאַרד
געזען אַרויסגיין מיט אַ האַק און אַ זעקל רעב יאַנקל הענקער.
רעב יאַנקל איז געווען פאַרקנאַקט. זיין פּאָנים האָט געלויכטן
מיט זיבן שכינעס,
ס'האָבן ווייבער אַוועקגעלייגט די פאַרגעלטע טכינעס.
אַרויסגעקוקט דורך די ברילן און קוקערלעך און געזאָגט:
„גאָצידאַנק,
מ'זעט שוין רעב יאַנקלען מיטן העקל אין דער האַנט.
ער האָט שוין לאַנג נישט געהאַט קיין פאַרדינסטל. גאָט אַליין
האָט זיך דערבאַרימט“.
אַזוי האָבן זיך הענקערבערג בירגער אין אַ שמועס צעוואַרעמט.
רעב יאַנקלס ווייבל איז געשטאַנען אַף דער שוועל, די הענט
אַפן בויך,
און געזאָגט: „גאָטעניו, גאָטעניו, געב אים געזונט און קויעך!“
און: „גיי געזונטערהייט. יאַנקעלע מיין מאַן, פאַרשפּריץ דיר
נישט די קאַפּאָטע מיט בלוט“.
„עכ'ל אַכטונג געבן, שפּרינצעלע, עכ'ל אַכטונג געבן גוט“.
„זיי־געזונט, פאַטהער־לעבן!“ זאָגט די שיינע ציפּע־אַמאַליע
(וואָס די אומשולד איז באַ איר שוין אַביסל קאַליע),
„זיי געזונט, פאַטהער־לעבן, גאָט זאָל דיך זעגענען,
סי זאָל דיינע ווייטע וועגן קיין רעגן נישט באַגעגענען.

איך ווינטשע דיר אַלדעם גוטס, פאַהטער, און אַרבעט דיך
ניכט איבער,
סי לאָהנט זיך ניכט איבערצואַרבעטן".
און הענעכעל: „זיי געזונט, טאַטעלע, זאָל איך דיר אונטער־
טראָגן ס'העקל?„
„מ'דאַרף נישט, מיין קינד, גיי אַהיים, ביזט נאָך אַ פּיצלדרעקל,
דו גיי בעסער אין כיידער אַריין און לערן גוט דעם שיער,
ס'איז היינט זייער אַ שווערער שיער, זאָגטן מיר".
„רעב יאַנקל", מאַכט אַ איד מיט ברייטע פּייעס, פול מיט ניס,
„דרייסיק ראַניש גייען היינט נישט צעפּיס.
איך הער, מאַכט ער, אַז עצאָץ שוין אַ נייעם קאָרבן
פאַר דרייסיק קאָרבן, איז'ס וואָר, האַן?
צי ס'איז נאָר אַ שמים אַזאַהן?
און איז'ס וואָר, אַז סידאָ אין לעמבערג אַזאַ פּראָשעק,
וואָס קען מאַכן אַז אַ קו זאָל האָבן אַ לאָשיק?
נאָר געשמיסט די אייגענע זאַך טאַקע קאָריק,
עך בין נאָך קיינמאָל ניש געווען אין לעמבע־ריק!"
דאָ מישט זיך אַריין רעב יאַנקל אַליין מיט אַ „פּכאַ",
וואָס אַז מ'וויל איז דאָס אַ גרעפּץ און אַז מ'וויל איז דאָס אַ
שפּריכוואָרט אַזאַ.
ס'איז פּאַרענאַכט, די זון פּאַלט־צו, ווי אַ גאָלדענער צאָן,
רעב יאַנקל הענקער זיצט אַף דער פּור אויבנאָן.
דאָס שטעטל באַגלייט אַרוים און לאָזט געריסן,
און קינדער, מידע, פּאַרשלאָפּענע, פרעגן שאַילעס, ווילן וויסן:
— איר האָט נאָך אַ האַק רעב יאַנקל, צי נאָר די איין?
— אַז איר האַקט אָפּ אַ קאָפּ, נעמט איר'ס אַהיים?
— רעב יאַנקל, וויפיל קעפּ האָט איר שוין אָפּגע—
— וואָס איז גרינגער, רעב יאַנקל: אַ קאָפּ אַראָפּצעהאַקן,
צי מיט אַ שטריק צעברעכן האַלז־און־נאַקן?
— ווייסיך, רעב יאַנקל, זעצט זיך אויף און פאָרט געזונטערהייט
און מאַכט זיך נישט פון די נאַרישע רייד.
גיט זיך רעב יאַנקל אַ פּעטשל איבערן בויך און מאַכט „פּכאַ".
וואָס אַז מ'וויל איז דאָס אַ גרעפּץ און אַז מ'וויל איז דאָס אַ
שפּריכוואָרט אַזאַ.
די פּור רירט זיך. רעב יאַנקל פּאָרט. זיין היטל הוידעט זיך.
זיין שוואַרצע באָרד הוידעט זיך. זיין קייט גלאַנצט מיט גאָל־
דענעם בלוט.

זיין פּאָנים שטראַלט פון לויטער גוצקייט, פון לויטער ע־כע־כע.
פון לויטער „אַי, גוט, גוט, גוט, ווײ איז מיר!“
ער טאַפּט ס׳העקל און ווערט אַנטשלאָפן ווי אַ טייבעלע.
די אַנדערע פּאַרשוינען אין פור קוטשקען זיך צענויף, שושקען זיך
אין געלן שטרוי אַריין—דורך די שטאַכעטן פון די דראַבינעס אַרוים.
— ענדאָס... הערצנאַר... קימצאַהער... זאָמיר אַזויזאַנגעזינט.
— דו ווייסט? דרייסיק קאַרבן פון אַ קאָרבן, וועק אים נישט אויף, שאַ!

פון הימל לויפן לעוואָנע־שאָטנס ווי ווייסע מאַלפּעס,
און זאָגן נאָך ווי מאַלפּעס:
— דרייסיק קאַרבן פאַר אַ קאָרבן, וועק אים נישט אויף, שאַ.
און די סקריפּענדיקע אַקסן פונם וואָגן פּאָטאַקעווען:
— הענקער, הענקער, הענג אַ האַק.
— הענקער, הענקער, הענג אַ האַק.

## מײַן זון מײערטשע קומט פֿון דער מילכאָמע מיט מענדאַלן

זאָג מיר, אױג פֿון קאָפּ, מײערטשע מײַן זון,
װיפֿיל אַ שטײגער, לעמאָשל,
האָסטו דערהאַרגעט מיטן שװערד,
זונעניו?
װיפֿיל אַ שטײגער, לעמאָשל,
האָסטו דערהאַרגעט מיטן שפּיז,
קרױנעניו?

דרײַ טױזנט רײַטער, מאַמעניו,
מיטן שװערד,
דרײַ טױזנט פֿוסגײער, מאַמעניו,
מיטן שפּיז.

טוען דיר נישט װײ די הענטעלעך,
זיסער זון מײַנער?
דו קערסט זײַן זײער מיד, זונעניו!

אַ זײַדענע, פֿרישע איבערבעט,
אַ קאָלדרע מיט גאָלדענע שפּיצן,
אַ יאַשיקל פֿון קאַטשענעם פּוך —
לײג דיך אַביסל אױסרוען, קרױנעניו.

דרײַ טױזנט רײַטער מיטן שװערד, קאַנאַהאָרע,
דרײַ טױזנט פֿוסגײער מיטן שפּיז, קײנבײַיזאױג.
אַז װאױל איז דער מאַמען, װאָס האָט אַזאַ גאָלד,
אַז װאױל איז דעם טאַטן, װאָס האָט דיך געװאָלט.
און אַ לױב זײַן־ליבן־נאָמען, װאָס ער האָט געלאָזט לעבן
דאַפֿקע דיך, און נישט קײן פֿרעמדע קינדער.
אילעלולי, שלאָף מײַן גאָלדן מײערל,
אין קילער רו, אין בלױען כאָלעם,
מיט דײַנע צאַרטע הענטעלעך באַ דער מאַמעס האַרץ.

שלאָף מײַן קינד, מײַן מײערטשע.
עס באַקט זיך קאַטשקע אַף װעטשערע.

## די דריי אומפּאַרטייאישע ברידער

עס איז אַ מייסע מיט אַ באָרד. איר׳ט געהערט מינעסטאַם:
אַז בים איז נישט בום און בום איז נישט באַם,
דאָס האָט שוין געזאָגט דער זוירער ענגלישער טשינאָוניק
רודיאַרד קיפּלינג, אין זיין געגראַמטן סייפער־פּראַלניק:
און אויבע בים און באַם וועלן זיך — מאַכט ער — אַמאָל באַגעגענען
וועט טון אַ קנאַק אַ בליץ און ס׳וועט אַנהויבן רעגענען.
„וואָרים מיזרעך איז נישט מײרעוו און דאָרים איז נישט צאָפן,
און מיט אַ באָמבע צוקאָפּנס, מאַכט ער, איז העכער צו שלאָפן“.
(די דריי העלדן פון אונזער בים־בום־באָמביאַט
קערן נעבעך צום לומפּן־פּראָלעטאַריאַט!)
בים מיינט, אַז אויב בום וועט זיך מיט אים פאַרגלייכן,
וועט עס זיין אַ פּאַטש אין פּאָנים בימן און זיינס גלייכן.
בום ווידער מיינט, אַז נאָר אים אַליין דאַרף מען באַמען,
און באַם מיינט, אַז ער איז אַ בעניאָכעדל באַ זיין מאַמען,
און יעדער פון זיי טיינעט אַ טיינע,
אַז נאָר ער אַליין איז דער גאַנצער איינקילייהיינאַ.
כאָטש בים און בום און באַם קומען אַלע דריי פון אָרימע גלעקער,
דאָך האַלט זיך יעדערער פון זיי פאַר אַ גרעסערן קנאַקער.
בים מיינט, אַז ער איז עלטער פון ביידע מיט אַ סעקונד,
בום טיינעט, אַז יענער איז קעגן אים אַ הונט.
(אַז אַלע דריי ציט די זעלביקע בלוטיקע האַנט —
דאָס פאַלט זיי נישט איין, צום גרויסן בים־באַם־שאַנד).
און אַלע דריי לויפן אַרום מיטן הוילן אין דרויסן
און זיי ווייסן נישט ווער עס איז זיי אויסן.
יעדער פון זיי ווערט נעבעך אויסגעריסן,
קלינגען אַף פרעמדע כאַסענעס, פרעמדע בריסן.
דער ווינט וויסט נישט פון קיין כאָכמעס, מישט ער אוים אַלע דריי אין איינעם,
ווייסן זיי אַליין נישט צו זיי לאַכן צי זיי וויינען.
אין קאַלטן נעפּל טוען אַלע דריי בימען און באַמען און בומען.
דער יאַמאַדין שנאַלט זיי אין אויער און זאָגט: „מאָרגן וועל איך קומען“.

## ערלעך און שווערלעך

(י באַנקירן „מאַרקוס און זינגער" האָבן אונ־
טערן נאָמען „זינגער און מאַרקוס" געמאַכט אַ
מיסן קונקלמונקל)

ערלעך, זאָגט מען, איז שווערלעך,
אָבער ס'איז גאָרנישט אַזוי געפערלעך,
די מאַינסע: פאַראַן אַ פירמע „ערלעך עט שווערלעך",
וואָס ערלעך איז נישט שווערלעך
און שווערלעך איז נישט ערלעך.

מר. ערלעך האָט אַ האַטשיק־נאָז און הייסט בעריש,
מר. שווערלעך איז פּאָכאָזשע אַף קעניג אַכאַשווערוש.
ערלעך האָט ליב וואַרעניקלעך מיט גריוון,
שווערלעך האָט ליב צו טאָן טויוועס אַידן.

נאָר ביידע, סיי ערלעך, סיי שווערלעך,
האָבן האָלט,
אַ יאָלד,
וואָס הייסט מוישע, מענדל אָדער מיכל
און וואָס גיט זיי געלט,
און הייסט זיך געבן אַ ביכל.

דאָ לעצטנס האָט די פירמע „ערלעך־שווערלעך" באַנקראָטירט,
האָט מען קעגן זיי אַ גרויסן פּראָצעס פאַרפירט:
סטייטש אַזוי און אַזוי? סטייטש, ס'איז דאָך געפערלעך!
איר קערט זיך איבער די נעמען און לייענט זיך „שווערלעך־
ערלעך",
און שטעכט־אָן אייערע יאָלדן אַ פולן הינטן מיט ובערלעך?
סטייטש, באַנדיטן, מ'דאַרף אייך איך וויים אַליין נישט וואָס!

מ'דאַרף אייך צעקייען אַן אויער, אָפּבייסן אַ נאָז...
איר זענט לעצט שבלעצט,
עמעסע האַלדאָפּניקעס,
מ'דאַרף אייך ציען די צונג
און שמייסן מיט ראַפּניקעס.

גיט זיך ערלעך אַ גלעט די באָרד
און זאָגט זיך אַרויס אַ רענדל אַ וואָרט:
„ערלעך און שווערלעך" איז זיך איין זאַך
און „שווערלעך און ערלעך" איז אַ צווייטע זאַך!
אַ־וואָס קער זיך אָן איינס מיטן צווייטן?
אַז מ'האָט סייכל פאַרשטייט'ן,
אַז ערלעך איז נישט שווערלעך!
מען זאָגט יאַקבי, אַז ערלעכקייט באַצאָלט זיך ע ר ל ע ך,
אָבער איך האַלט, אַז ערלעכקייט באַצאָלט זיך ש ו ו ע ר ל ע ך.

מיט די־אַ ווערטער האָבן זיך ערלעך־שווערלעך גענומען אונטערן אָרעם,
זיך פאַרנייגט אין מיזרעך, מייריוו, צאָפן און דאָרעם
און געזאָגט: זעען־זי און קוקן־זי, סאיז ב'עמעס אַ וואונדער:
אָט גייען מיר איינינעם און אָט קומען מיר ב אַ ז ו נ ד ע ר.
ס'איז ביי אונז אַזאַ קונסט. ער הייסט קונקל־מונקל,
מיר גיבן אַ מאַך „האָקעספּאָקעס", ווערט טייקעף טונקל
און מיר כאַפּן זיך אַרויס נישט ערלעך און נישט שווערלעך...
(ווי אַזוי דאָס ווערט געטאָן איז דערווייל נישט דערקלערלעך.
און סיידן מיט אַ האַמער מיט אַ סערפּ און אַ שווערד —
וועט מען קיינמאָל נישט אָפּווישן דעם קונקל־מונקל פון דער ערד).

## דער אַפּשיין

(צום ערשטן מאַי, 1932)

אין מאַכנעס, אין ראַכוועס, יאַדאַכעס פאַרשייטן.
געגנוג שוין, אַראָפּ שוין די גאָלדענע קייטן!
אין מאַי־טאָג אין העל־טאָג, אין ליכטיקן ערשטן,
אַרויס און אַרויף, איר האַמערס, איר באַרשטן!
איר ציגלער איר ליימלער, איר בינדער און בויער,
פאַראַכדעסט אין מאַכנעס פון אַרבעטער־פּויערים.
פון מינעס אַרויס, פון פלאַפּהויז און שעפער,
פון פינצטערע קעלערס, פון מויזענע לעכער.
צום טאָג מיט די אויגן, מיט ברוסטן און שטערנס, —
מיט לאַזונגען שאַרפע ווי פייערגעווערן.
אַרויס און אַרויף מיט פאָנען פון שטאָלן —
איר שווייגנדע קאָסעס, איר פיילן, איר נאָדלען.
און וואַקלער און קווינקלער, פון ציגער צעפּרעסן,
אַריין אויך — אַריין אין דער גייענדער פעסטונג!
אַריין און אַריבער ווי אַ פלאַמיקע כוואַליע:
אַרבעטשאַפט, הונגערשאַפט — אַרבעטער אַלע!
אין עכאָ פון זיגן אין פויסט פון די קאַמפן,
מיטן קלאַפּ פון די הערצער די פעלזן צעשטאַמפן.
אין מאַכנעס, אין ראַכוועס, אַ בלאָק נאָך אַ בלאָק,
ווי קערנער פון קאָרן צעשיט פון אַ זאַק.
ווי טוואַוע אין יערן, אין ווערן פון ברויט —
אַרויס אין די גאַסן, דו מאַסאָווע נויט!
צעגאָסן, צעפלאָסן אַף האַרנשאַפט־שטאַנד,
פאַרפלאָכטן, פאַרקניפּטע — אַ האַנט אין אַ האַנט.
מאַכנעס און מאַכנעס פאַרשאַרפטע ווי מעסערס,
מיר ביינער פון מענטשן — מיר פאָדערן עסן!
קריג קעגן קריג; אינטערווענטן אַ טויט,
אַרונטער מיט קריג און מיט בלוטיקן ברויט!
אַף לויש און אַף לויער פון טעמנע סאַקאָנעס,
אַרויס און אַ פלייץ איר ביטערע מאָנערס.
אין מאַי־טאָג, אין העל־טאָג, אין ליכטיקן ערשטן, —
אַ הויב און אַרויף איר הענט ווי די שווערדן.
אַרויף און אַרויף און די פאָנען באַוויז,
דער אַפּשיין, דער אַפּשיין, דער אַפּשיין איז הײַנט!

## אָפּרו אַף די בערג

פון וואַנען זאָל קומען מיין ליד? פון אַלע עקן וועלט וואו מענטשן האָרעווען.
פון וואָס זאָל זינגען מיין ליד? פון שוויים און פון קרעכץ און פון אַרבעט.
איך האָב גאָרנישט אַף דער וועלט אַ כוץ מיך און דיך און אונז אַלע.
און איז דאָס לעבן פון שאָטנס—אָ, שאָטנס, ווערט וואָרעם!
אָ, וואַרימע שאָטנס אין פאַלבן פון זוניקע מאָרגנס!
אָ, שוואַלבן און פאַלקן, אָ, ווינטיקע רויז און ראָמיאַנעק!
קומט נענטער צו אונז איר אַלע, וואָס האָבן קיין צייט נישט צו וויינען,
קומט נענטער, איר ברידער, פאַרשוואַרצטע, פאַרוויסטע,
קומט נענטער צום פייער, וואָס גיסט זיך אין גאָל-גרינע בעקנס,
קומט נענטער, איר אַלע, איר ברידער פון לעווי און גאַנזאַלעס,
קומט נענטער, פאַרפייניקטע ברידער, כאַווײרים, קומט נענטער צו ליפּ און צו ריפּן,
קומט נענטער צו אונז—אין אָפּרו פון ליכטיקע קרייזן אַף בערג פון די קעטסקילס,
ס'איז אָפּרו בא אונז. אין רויך פון פאַרשטילטע אָרמאַטן
זיצן מיר דאָ אין קרייז פון כאַווײרים און ליולקען און פלוישן און מונקלען.
געדענק איך מיין היים? מיין פיצעלע שטעטל? אַ ווערצל אַ שיינטשיקס
אַף קויטיק-פאַרוויאַנעטן פאָנים פון גויסעסער באָבע.
נישטאָ שוין די באָבע, נישטאָ שוין דער אינגלישער כאַלעם אַף קאַלכענע שטיינער פון שטעטל.
אַ אינגל געווען דאָרט, אין צייטגאַנג פון גאָלדענע אינגלישע שפּאַסן,
קעצלעך געמוטשעט, גראַמאַטיק געלערנט אין שטעטלשע קלאַסן.

ס'איז אויס מיט די גאָלדענע בענדלעך אַף היטלען, ס'איז
אויס מיט די ווינער מאַניערן.
ווער ס'שפּילט אַף אַ פּייפל פון צאַרטלעכער ווערבע, און ווער
סי טוט שפּילן אַף שטאָרמיקע שטאָלענע פליטן!

געשטאָרבענע לידער! צעריבענער טאַבאַק מיט בראָמפן און
טרערן און לאַקריץ,
זיי שמעקן מיט באַרלעך פון קוואָרעס, מיט ביבקעס באַגאָסן
מיט שול-אייל!
אונזערע, הערט איר, האַקן מיט פּענעס ווי העק, סי ציטערן
ווענדער און שפּילפּיגל זאָגן:
„מי האָט נאָך אזיינס נישט געזען, נישט געהערט זינט די וועלט
שטייט“
דער קאָם — אונזער וועלט — איז פול ביז צום ראַנד מיט בלוט
און מיט בלאָטע.
סי ווינזלען די וועלפישע עקן און ברענגען אונז קילונג און שאָטן.
און ווער האָט דען מוירע? און ווער וועט דען לאָזן אַז שלאַבריק
זאָל ווערן
דאָס האַרץ, וואָס איז פאָן און איז פייער?

אָ, ווער האָט געוואוסט דען, אַז גאַל קאָן אויך רינען ווי סאָק
פון די סאָסנעס?
ווער האָט געדאַכט, אַז נאַכט קאָן זיין אַנדערש ווי פּינקליקע
שיינקייט אין רינג פון פּלאַנעטן?
און אַז הימל פאַרלוויזיקט מיט גאָלדענע לייזלעך קאָן
זיין אַזוי ליריש און שענדלעך?

סי גריזשעט אַ גאָלדענער צאָן פון אַ גאָלדענער מויז דאָס האַרץ
פון דער וועלט.
דער טאָג איז פאַרזאָטן אין ליכטיקע בלוטן.
אָ, בלוטיק! סי גאָפּלען זיך שפּיציקע פלאַמען פון אונזערע אויגן.
צעבויגענע האַמערס — פאַרביסענע פויסטן זיך טרעפן אין
הייסער נעקאָמע.
און אָדערלעך קליינע אַף קנאָכיקע, האַרניקע האַמערס זיי
פּיסקלען:
— נו, רירט אייך!
און אונטער געזעצן פאַרקאָוועט אין אייזענער שלעכטסקייט

זיך רירן די סרייפיקע מערשקעס פון צאָרן,
און ברייט ווי אַ טויער באַ עפּעס אַ פּאַרם-הויז אַ ליידיקס
עפענען זיך טירן-און-טויערן פון ליידיקן נעכטן,
באַוואַקסן מיט באַדיק און שוואָמען און קריכיקע גיפטיקע פלאַנצן.
אָ, ערד פול מיט בליאונג פון יונגע קאַרטאָפלעס!
אָ, ביימער פאַרגרעבט מיט דער לאַסט פון פאַרוואָרלאָזטע עפל!
אַ לעבן אַף דיר, אַ מאַמע, אַ בוים דו געטרייער,
וואָס טראָגסט אַף זיך לאַסטן פון וועלט און פון שאַפן!

* * *

אָ, קריי, האָן, קריי, רויטער האָן, קריי! זע, איך פאַרזיי די פינקליקע פונקען פון טונקעלן פאַרטוך אַרוים.
אַ צעשפּרייץ דיך מיין וואָר אַף וואָרן וואָס קלאָר ווי מוטערנע פערל!
ס'איז נאָענט באַ מיין קנאַפל דער אָנקום פון גאָלדענעם אומקום.
אָ, אויפקום!
סי טריפלען מיט דריבנענקע טראָפּנס, ווי טראָפנדלעך אייטער, צי פערל,
די נעכטיקע יאָען און ניינען — זיי וויינען.

נאָר איך האָב מיין גוף דעם גאַנצן טאָג לאַנג אין לויטערע זונען געבאָדן.
נו, שטראַל איך פאַרליכטיקט באַנאַכט, שטראַלט איצט מיין הויט און ווייזט מיר דעם וועג צו די וועגן.
דער פוס ווייזט די אויגן דעם וועג און דער וועג איז דערשראָקן און לעכטיק.
די שווערט קושט מיין לענד, און איז שיין און איז שאַרף און איז ביטער און ציכטיק.
און איך גיי אין לעכט פון פאַרכידעשטע אויגן פון מיינע,
און איך גיי אין לעכט פון פאַרפייניקטע ברידער סאַקאָ-וואַנזעטי-גאָנזאַלעס.
און איך טרעט אַף קראַנצן אַף רויטע פון רויטע מאַרטירערס.
מיין גוף גיט אַרויס אין דער נאַכט דאָס רואיקע לעכט פון דעם באַרג-טאָג,
פון גרינע און שטילע באַטאָגן, פריטשמעליעט אין זאַטקייט פון זונען.

אַף פעלדער דאָס היי איז געשניטן און טוט איצט דערמאָנען
די נאָזלעכער דיינע.
אָן אַלע, וואָס האָבן ס׳לעבן פאַרשניטן פון אונזערע ברידער;
אָ, ברידער, אָ, שניטערס — די קאָסעס!

* * *

אין שטערנפולן טייך שמייכלען לעכטיקע שטיינער, און מיר אַלע,
געזעלן פון שער און פון אייזן, פון דלאָט און פון האַמער און
פעדער,
מיט הערצער ווי שטיינער (צי פייגל?) און אויגן ווי בריטוועס,
און פויסטן ווי קליעשטשעס,
מיר האָבן געזען די זון פאַרגיין און מיר וואַרטן אַף אויפגיין
פון מאָרגן.
דערווייל איז שטיל, שאַ—היסט. אַ שטערן פאַלט און לאָזט
אַ פלעק אַזאַ אין מיין ליד אַריין.
איך לעש דאָס אוים מיט מיין שטיקל קלעקפּאַפּיר,
וואָס איז זאַט מיט שוויים און טרער און טינט.
נאָר אַ גאָלדענער שמיר בלייבט דאָך פאָרט אָט דאָ־אָ, באַם
סאַמע סאָף פון ליד, — אַ גוטע נאַכט!

# רויטער פּאַנענטרעגער

ווי די „ווייסע קאַפּן“אַף אַ צעבויטעטן יאַם
קומען געזיכטער צופליען
מיט האַרכנדיקע אויגן ווי באַ טויבשטימע,
ווי פּאַנטערס דינע, גרינגפיסיקע,
קומען פּראָלעטן-גיבורים און פאַרגייען אין די רויכטויערן פון שלאַכטן.
לייגן זיך אַף דרערד און לאָזן פאַרביי אַ טויטגרום פון אַ שראַפּנעל,
הויבן זיך אויף און קלאַמערן זיך מיט אויגנווייסלעך
אין פאַרטשאַדעטע האָריזאָנטן,
צעגליען מיט טויטגעשרייען די גיפטיקע נעפּל-באַראַזשן,
טריפט אַף יעדן געוואונענעם שפּאַן אַ זיגל —
פון אייגן בלוט אָדער פון פרעמדס.
רויכנדיק, פלאַמענדיק, בלוט-פליוכיק, —
פאַנען צעריסן און געזאַפּט מיט קאַמף-געשרייען.
אָקעאַן מיט שטורעמפּלאַם
רויטע האָרדעס,
קינבאַקן — פויסטן,
אויגן — פאַקליעס,
הערצער — פאַרויס.
זיגן — אָדער שטאַרבן!
פאַרויס — יונגער פאַנענטרעגער,
קורצברייט, דעמביק-האַרט,
בלאָנדער שטערן — אַן אַקערמעסער אין שטאָלענער לופט.
ברוסט — אַ האָריק-שטייפע שטורעמפּויק,
רוקנשניט באַם גאַרטל — ווי מיט אַ דלאָט.
נאַקעט ביז די לענד,
שפּאַרט ער אַן די פאַנעשטאַנג אַן נאַפּל פון זיין יאַגואַר-בויך,
און ווי אַ פלאַמפייער טראָגט זיך אַלץ אַהין, אַהין, אַהין,
פאַן און מענטש און פערד און ביקס און פעלדגעווערן,
און מיליאָנען פיסטריט טיקן צום טאַקט פון
ברויז-פלאַטער פון רויטער פאַן,
אין פאַרביסענער האַנט
פון יונגן פאַנענטרעגער, באָלשעוויק.

## "MEN WORKING"

אין מיטנדרינען: „דעטור!"
דער אַלטער וועג איז אויפגעריסן.
אַ רויט-פלאַקערדיקע פאָן אַף יעדער זייט
אַרום דעם שטאַלנעסט פון מאַשינען,
אַ רויט-פלאַקערדיקע פאָן אַף יעדער זייט
פונם דעטור-פונקט: "Men Working"

און אַז מענטשן אַרבעטן איז — דעטור, פאַריך לעבן!
העצקע דיך אַרויף און אַראָפּ
אַף די זייטיקע וועגן (איידער דו ווערסט
אליין אַ זייטיקער, פאַרגעסענער וועג...)
הוידע דיר אַרוים די קישקעס.
און זע פאַר די אויגן דיין אומגליק — די רויטע פאָן!
די פאָן וואָס מיינט גע פ אַ ר
פאַר דיר, וואָס גייסט באַ דער זייט פונם פראָדוצירנדיקן לעבן,
און ל ע ב נ ס ר ע ט ו נ ג פאַר אונז, וואָס מיר פאָרן
אַפן צוג, וואָס איז פראָדוצירנדיק לעבן,
און וואָס מיר טרייבן דעם צוג מיט דער פאַרע
פון אונזערע לונגען.

"Men Working"

און אַז מיר וועלן פאַרטיק ווערן
מיט דער אַרבעט פון אַריבערפירן דעם אַלטן קרומען וועג
אַף נייע, גלייכע וועגן.
דעמאָלט וועלן מיר אַוועקנעמען
דעם לאָזונג „מען וואָרקינג", ווייל קיין אַנדערע
ווי „מען וואָרקינג" וועלן דאַך נישט זיין.
נאָר די רויטע פאָן וועט בלייבן פלאַקערן ווי פריער,
צו דערמאָנען, אַז אַמאָל-אַמאָל-אַמאָל
זענען די וועגן געווען קרום, און שמאָל, און געפערלעך,
און אַז מ'האָט געוואָלט בויען
אַ נייעם, גלייכן וועג, האָט'ן געדאַרפט דאָצו
די דערלויבעניש פון מיסטער קאַרנעליוס פעניגאָלד,
ווייל דער גלייכער וועג איז געגאַנגען איבער מיסטער
קאַרנעליוס פעניגאָלדס „פּרייוועט-פּראָפּערטי".

# אין ביבליאָטעק

(אין דער אפטיילונג פון די אַלטע קלאַסיקער)

פון פאַפּירוס־בלאַטן וואָס פאַרע־מעלעך־מיצראַים האָט גענוצט
אַף צו פאַרצייכענען זיין גרויסקייט,
ביז אויסגעהאַקטע וועלדער, צעמאָלענע אַף פּולפּ, צעוועלצט אַף
בוך־פּאַפּיר
וואָס טראָגט אַף זיך דעם בלוט־שוויים פון עוועד־קנאַנים אין
לאָמבער־קעמפּס
גייט־אויף דאָס וואָרט וועגן גרינעם וואַלד,
דאָס ליד פון טשיזשיק,
וועלכער איז איניינעם מיטן וואַלד דערהאַרגעט.
ווערטער־אָרגיע. עס רירן זיך בלעטער, פינגער מישן, מישן.
אויגן טרינקען זיך גיריק אָן מיט סאָם
וואָס שרימפּט מ׳גרויען שטאָף פון מענטשנס מאַרך,
דאַרט די פאַנגהערנדלעך פון געדאַנק —
וואָס רוקן זיך פון בלינדער שנעקנשאָלעכץ צום ליכט אַרויף.
ביכער, ביכער, ביכער.
עס קלינגען געדאַנקען־שווערדן פאַרבלוטיקטע,
רייד ווי פאַרגילדעטע פיילן.
עס שפּיגלען טייכן בלוט, דאָס גאָלד פון צעפאַלענע קרוינען,
גאַלאָכישע לייבצודעק
קאָסטבאַרע פרויכעסן,
עס שיפּן ליידנשאַפטן נאַקעטע ווי הינט מיט אָפּגעריסענע עקן.
עס שטייען אויף גלאַדיאַטאָרס, צירקן, מענטשן־יאַטקעס.
רוים שטייט־אויף, קנאַאַן, ביזאַנץ, אַטענס, מעצאַדאָניע און טראָי,
קאַרינט באַוול און קאַרטאַזש —
שטייען־אויף און גייען ־אויף אין פּראַכט פון בלוט און גאָלד.
ביכער, ביכער, ביכער.
ביכער גיבן אָפּ פון זיך דעם אָטעם פון מאַוזאָלייען.
עס בלוטיקן די „מעלאַנכאָלישע גריכן“,
עס דרימלען מילטאָנס עלעגיעס,
ווירגילס פּאַסטאָראַלן,
לוציאַנס און דעמאָסטענעס אָראַציעס.

עס גלאַנצט דער איידלפּראַכט פון טוטאַנכאַמנס,
פון די צעזאַרס
און בורבאָנס
פון די האָהענצאָלרענס און האַבסבורגס.

ביכער, ביכער, ביכער.
שווייגנדיקע ווי שפּיאָנען,
געשטאַמפּטע, לעדערנע רוקנס,
שליפעס און ערנצייכן־פּאַררעדעס.
יוריפּידעס, סאָפאָקלעס,
עמפּידאָקלעס פון אַגריגענטום,
מילטאָן, ליצידאָס
אַריסטאָפאַנעס, עסכילוס און יעשוע פון נויצערעס.
אָ, בוכבלעטער זענען צינגלעך גלאַטינקע פון שלאַנגען.
ווי אַ האָגל אַף גרינע זאַנגען שיטן־זיך זילבערנע ליגנס,
אַף געדאַנקען וואָס האַלטן ערשט אין שפּראָצן.
ביכער, ביכער, ביכער.
מיין גייסט גייט שפּאַצירן אין מיין גוף ווי אין אַ פּאַרק
פון וועלכן דיביימער זענען אויסגעהאַקט
און קלעצער ליגן אָנגעוואָרפן.
מיין גייסט שטאָלפּערט און פאַלט,
הויבט זיך אויף און שטאָלפּערט און פאַלט אויפסניי.
אין ביבליאָטעק.
פינגער מישן דורשטיק.
אויגן זוכן, זוכן
אין די בלעטער, אין די בלעטער.
נאָר הענט איינגעטונקען אין דעם מאַרך פון אונזערע ביינער
ווישן זיך ריין אין ווייסע בלעטער,
אין טויטע וועלדער.
און מאַכן די ווייסע בלעטער רויט
מיט אונזער בלוט.
ביכער, ביכער, ביכער.
אויגן שטראַלן, הייסע מאַגנעט־שפּיזן
שטעכן־אויף
קלייבן־אויף
די ווערטער, די געדאַנקען
די פאַרסאַמטע

און ווילן נאָך, נאָך, נאָך.
ביכער, ביכער, ביכער.
מייסים שרייען פון די בלעטער אַרויס
פון די פּאַפּיר־גראַטעס:
„מיר, מיר, מיר.
בלויז מיר אַליין!“
קרייצריטער,
וואַנדאַלן,
הענקערס,
מאַנדאַרינען,
גאַזלאָנים אין גאָלדענע שפּענצערס,
אַלע, אַלע
אויסגעפּוצט אין פּאַווע־פּעדערן פון „גייסט“,
אין שווערד און קרוין
אין טאָגע, אין צעפּטער —
פּילן אָן דעם לאַנגען זאַל מיט אָטעם
פון לענגסטיקע קוואָרים.
עס רויכערן שילדקנעכט־שעדלען.
לערע שקלאַפן־שאַרבנס זענען בעכערס.
ווייַן שפּריצט און זידט.
אַף פלעקער הענגען מענטשנלעבערס פרישע,
און טריפן רויט
אַף שייטערהויפנס...
אַ לייען־זאַל? ניין. אַ שלאַכטפעלד.
בלוטיק, בלוטיק, בלוטיק.
בלוטיק מיט דעם בלוט פון
דוירעס, דוירעס, דוירעס שקלאַפן.
אָ, קומט צו הילף מיר, מייסטערס,
טרייסטערס:
מאַרקס, ענגעלס, לענין,
ליבקנעכט, ראָזע לוקסעמבורג, —
לענט־אָן מיין רעכטע האַנט אין אייער זייל
איך זאָל נישט פאַלן
דאַ־אָ וואו בוים און וואַלד פאַרפייניקטע אין טויטע ליגנס,
זינגען־אויס דאָס ליד פון טשיזשיק
און פון וואַלד...

איך ווייס נישט
ווער פון אונז צוויי
וועט הענגען פריער
אַף יוניאָן־סקווער: —
איך? צי די רויטע פאָן?

# דאָס ליד פון ברויט-מיט-כאַלעס

1.

וועלט! וועלט!
ווער ביזטו, וועלט? וויפיל ביזטו, צייט? און וועמענס ביזטו, טאָג?

2.

סי שפינדלט זיך דאָס וועבשפינדל און זינגט —
לאַנג-און-ברייט-געוועבן לאָזן זיך פון וועבשיפל אַרונטער.
ווערן וועשיפל און שטול און שפול און האַנט
און וועבער-טעג און וועבער-נעכט
און וועבערס שטערן-אויפשיין,
און וועבערס פערטל-שיקער-זיין
פון אויסגעטראַכטן וויין.
אוינעג-לעבן!
די פרייד פון אָטעמען, פון עסן און פון שלאָפן!
דער גרויסער אָדאָם-טאַינעג פון הערן, זען און טאַפּן.
דאָך ווער פאַרשטייט, און ווער שאַצט אָפּ דאָס אויגנפינטעלע,
וואָס שאַצט אָפּ דעם בלישטש פון מאַטע פּערל?
דעם ווערט פון מאַלאָכיט? די עכטקייט פון קאַרעלן?
ווער פאַרשטייט דאָס אָס, וואָס איז טיפער דאָך פון טיפסטן וואָרט?

3.

מיזמער שיר לעיווים האַפינצטערניש!
סי צאָרנט גאָט און נאָווי, און איך וואָס רוף מיך מוישע נאַדיר צאָרן אויך.
ווייל צאָרן איז די לעצטע מאָדע פון נוויאים
און פון דיכטער.
כאָטש עמעס איז דאָך פאָרט, אַז
באַם נאָמען יעהאָוואַ-סאַר-צעוואָעס

שווערן מיר „דאָס זייטל מענטשן־פלייש
קאָסט אונז אַליין מיט עלף גראָשן מערער“...
און מיר, פאַרשטייט איר מיך, די מענטשן־הענדלער,
טראָגן קאָשערע קאַמייעס פון קאָצקער און פון פויבסט
צו ווערדיקן דעם שיינעם האַנדל...

4.

אָט אַזוי איז די וועלט:
אַ מענטש צון אַ מענטש.
אַ האַרץ צון אַ האַרץ.
און טרעפט ס'האַרץ צום האַרץ נישט—
טרעפט דאָס שפּיציק שטיקל בליי, אָדער גאָר
דאָס שטאָלעדיקע קלינגל.
אָדער גאָר דאָס גיפטיק־זיסע
צווייענדיקע וואָרט.
און אָט אַזוי איז דער סיידער:
אַ רינגעלע מיט אַ שטריכעלע.
און דאָרט וואו אַ רינגעלע גייט אום אַליין
גייט מיט אים דער טיפער אומעט.
און דאָרט, וואו אַ שטריכעלע זוכט דאָס רינגעלע —
דאָרטן גייט אַרום דער צאַאַר,
דער צאָרן און דער עלנט.

5.

צי קומען דען די טרייסטערס אין פורפור־קלייד געקליידט
און ליגן בינטלעך באַלזאַם צו די פיס—
און זאָגן: „לויכטן לויכט די וועלט פאַר דיר אין אַלער
אייביקייט.
די אויסגעלאָשנקייט איז נאָר דער פאָרהאַנגס פאָרהאַנג,
ווייל ווייסער, קאַלטער פייער איז דאָס לעבן.
און אַלץ: די צייט, דאָס אויג, די האַנט,
דאָס אייזן און דאָס גאָלד זשאַווערן און ברענען.
טויטע ברענען אין דער ערד וואָס ברענט און ווערט נישט.
און דו אַליין, דער מענטש—
ביסט אַ לעכטיק־ברענענדיקער פאַקל
צום גרויסן יאָנטעף פון דיין אונטערגאַנג!“?

6.

אָ, דו מיין וועלט פון ברויט-מיט-כאַלעם!
דיין שפיל איז שיין. נאָר מיד דאָס וואַכעדיקע אויג,
וואָס ווערט באַוואַכט פון טויזנט-טויזנט אויגן.
דער הינקעדיקער מאַכט זיך קלוימערשט הינקעדיק,
מ׳זאָל זיין הינקען נישט באַמערקן.
דער בלינדער שטעלט דעם שטעקן אַף פאָרויס,
טוט זיך אָן די בלאָע בעטלער-ברילן
און לאַכעדיק ער קלאַפט מיקלוימערשט
מיט זיין שטעקן:
„אָ, ווייזט דעם וועג אַ בלינדן בעטלער נעבעך!"
(דאָך בלייבט ער פאָרט אַ בלינדער און אַ בעטלער).

7.

דעם ליגנס עמעס איז אַ מאַסקע אַף אַ מאַסקע.
וויים-געשליפענע סקעלעטן
בלאָזן אַף די טויטע אויגנלעכער, און פייפן-אויס
לידלעך פריילעכע פון כעדווע און עמונע.
רעגעס רינען, טרערן רינען, יאַמען רינען.
אַלע רינען שטיל אַוועק,
ווי ס׳רינט אַוועק די האַנט וואָס שרייבט די-אָ קליינע, בידנע
ווערטער.

8.

ביטער. ביטער. ביטער.
אַלץ איז ביטער אין דער וועלט דער ביטערער.
בלויז דער טאַאַם פון איידלער ביטערקייט איז זיס צום גומען.
און ספינקסן-לעבערלעך געבראָטענע
אַף אש-אהבה
זיי זענען גוט פאַר נאַשער-אַפעטיטן,
פון קראַנקע און קאַפּריזנע „נאָבללייט"...

9.

אָנגעברייט סי איז דער קוואַל מיט כאָכמע פאַר יעדן מענטשנ-
מוטערקינד.
נאָר שטעלסטו זיך צו קניען פאַר דעם קוואַל,

דעמאָלט וועסטו נידעריקער פון דעם צו וואָס דו טוסט זיך
טיף דערנידעריקן,
די כאָכמע קוואַלט אַוועק. די ליפּן בלייבן אָפּגענאַרט און היים.
דער האַלז בעט שטום צו „גאָט", ווען נאַכעש וויקלט זיך
אַרום דעם האַלז.
אין שוואַרצאַפּל פון גאַזלען שפּיגלט זיך אַ קליינטשיק הימעלע.
אין ריינקייט אָבער פון די שווייגנדיקע טייכן
זעט מען אויך דאָס ווינציקע צעגלאַנצט.
און אין גאָלדבּלעזלעך פון שוימיקן שאַמפּאַן
זעט מען, ווי פּאַרשייטע יונגע געטלעך טאַנצן אַ קאַדריל.
(די געטער־עקלעך צוגעבונדן איינס צו איינס.
און די זון אינמיטן פון דעם 4־קנופּ,
ווי אַ זיגל אַף דעם אינדערמיטן פון אַ בריוו־קאָנווערט).

10.

אָ, דו מיין וועלט פון ברויט־מיט־כאַלעם!
ברויט עסט ברויט.
די צייט פרעסט אונז ווי וויים און קרוכלע ברויט.

זאָלן גלעקער קלינגען אַף די טורעמס!
זאָלן פאָנען פליען אין זומערדיקע ווינטן!
זאָלן שפּאַרבערס זינגען דאָס געזאַנג פון ליבע.
זאָלן אָפּגעליישטע ווערטער־פענדלעך דרייען זיך אין ווינט!
די וועלט האָט מערער מאָרגנס דאָך ווי נעכטנס.
סי שפּילט דער וויין אין פאָס.
און ווען דאָס לייב פון יונגן וויינטרויב, שטאַרבט און ווערט
צעפּוילט,
דעמאָלט שוימט און זינגט די קומענדיקע זיסקייט
און זינגען זינגט דאָס יערעוודיקע, שפּילעוודיקע בראַי:
„איך—בין—וויין!"

11.

אַז ווי צו דער פלאַש וואָס איז פול מיט וויין,
וואָס זעט, אַז אַלע טרינקען דעם וויין, וואָס איז אין איר האַרץ,
און זי אַליין וואָס איז
די שאָלעכץ פונם טייערן געטראַנק,
וואָס וואוינט מיט דעם וויין טאָג־און־נאַכט,

וואָס קען דעם ווײַן נעענטער ווי אַלע אַנדערע—
וואָס איז אַזוי גוט צו דעם ווײַן—
קען דעם ווײַן נישט טרינקען.
אַז ווײַ צו דער פֿלאַש וואָס איז פֿול מיט ווײַן!

12.

דער איבערמאַרגנדיקער דיכטער האַלט־אײַן די לאַפּעטע באַם אויוון־טירל,
לאָזט פֿאַרסמאַליען אינעווייניק אַ געבעקל ברויט
און ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פֿון שטערן —
און זינגט אַרײַן אין זשאַר און פֿריסיק פֿון גליענדיקן אויוון:
„ווי דאָס פֿײַנע צענויפֿלייגן פֿון גאָלדפּאַפּיר
איז די שײנקייט פֿון מײַן ליבע.
ווי דער וועג־שטויב אױף אַ טויטן פּאָנים
איז מיר ווײַך און פֿרעמד מײַן אומעט.
ווי צעריבענע רויזן אין אַן אַלטן גוטן בוך,
אַזוי איז מיר דער טאָאַס פֿון אַלע מײַנע יונגע יאָר“.

13.

די אַרבעט שלאָגט איר האַמער אין די פֿײַערן פֿון נויט.
גליט־אָן אירע אײַזנס אינם הונגער.
בייגט זי אים, דעם הונגער.
דאָס הייסע פֿערד—די צײַט—גיט איר פֿוס צו אים אין האַנט אַרײַן: „נעם, שמיד!“
דער האַמער שלאָגט און שלאָגט אַרײַן אין פֿײַערפֿונק
דאָס בייזע און דאָס שווערע.
דאָס שיפֿען און געוויין,
וואָס ווײַנט פֿון פֿײַער־האַרץ אַרויס.
דאָס געלע לאַפּיטוטל האָט אַ נאָגל פֿון אַ פֿוספֿינגער צעריסן.
בלוטיקט עס,
טאַנצט עס אױף קאָוואַדלעס — מאַכט געוואַלטן!
מאַכט דאָס רויטער נאָך דאָס רויטע פֿײַער
און שילט מיט רינענדיקן הייסן גאַס.
דער אָנצינדער פֿון לעבן איז דאָס פֿײַער.
דער אויסלעשער פֿון לעבן איז דאָס פֿײַער.

אַ רעדל פון אַ וואָגן פרעסט אויף אַ שיינעם זומערטאָג באַם
סטעלמאַך.
אַ רימען פון אַ רייט-בייטש פרעסט-אויף אַ שאָ באַם רימער,
דערנאָכדעם עסט די בייטש דאָס איבעריקע.

14.

דיין שוויים זאַפּט-איין די ערד, אָ, אַרבעט!
און רויזן גייען אויף, וואָס לאָזן זיך די קעפּלעך שניידן
צו צירן שיין דעם לאַץ פון דורכגעפוילטן פראַנט.
(מירטלעך שמעקן פון די רינשטאָקן אַרויס),
סי טעכטערט זיך און זינדלט זיך געשמאַקער אין דער מידקייט,
די אָפּרו און דאָס וויטער-פלאַנצן פון דער מי.
פאַרנעמען טוט אַ נאַריש אויער אַ קלוגע טרייסט:
„אַ צייכן בלייבט נאָך מיר. אַ דאָר".

15.

סאַראָקע-וואָראָנע.
אין פענצטער שילט אַריין די שווערע נאַכט-מיט-רעגן.
און זאָגט: „נו, זאָג, צו וואָס דאָס זאָגן?
ווערטער זענען טויטע פיש געפייגערטע באַם ברעג פון שטורם.
גלאַנצן זיי—איז דאָס נאָר דער גלאַנץ פון טויטע שופּן.
דו רייד אַריין אין וואָרט. דו שריי אַריין אין אים.
פאַרניטעווע דאָס וואָרט פון אַלע זייטן מיט דיין קאָאָס-מעטאַל
און לאָז פון דאָרט דאָס מינדסטע שווייגן נישט אַרויס.
וועלטן זענען טראָפּנס אָדער גרויסע הימאַלאַיען-בערג.
דאָס קלענסטע איז פון גרעסטן דאָך דער העלסטער שפּיגל.
אָ, זיי געפּרייזט, וועלט, פאַר דיין שטיקל ברויט מיט כאַלעם,
וואָס דו טיילסט איין אַלע מענטשן
(כאָטש איינעם גיסטו אָפּט אַ ביסל צופיל כאַלעם,
נעמסטו אים דאַפאַר אַראָפּ אַ שטיקל ברויט).
און זיי געפּרייזט, דו מענטשנהאַנט, פאַר אַלע דיינע ווערק,
וואָס זענען אויסגעצירט מיט וואונדער,
ווי מיט קליינע פּערל, אָמיין".

(געשריבן אַרום יאָר 1921. שפּעטער איבערגעאַרבעט.)

## וואָלט איר געגלויבט, אַשטייגער, אַז — —

דער פרימאָרגן איז אַוועק —
דער מיטנטאָג איז דאָ,
די נאַכט וואַרט . . .

. . . און טראַכטן — טראַכט די נאַכט פאַר מיר,
ווי זי וויל,
און ווען זי וויל
און וואָס זי וויל.

איך האָב פיינט
דאָס בוים-האַמעדרעשל
מיט פרומען ספּאַדעק-דעכל,
וואָס איז אַן אייזן-פּאָקרישקע
אַף מיין דינעם לעבן.

איך האָב ליב
דעם טאַם פון די ערשטע
פרישע זינד —
אין גערטנער, און איך ווּלדער.
(גרויסע, גוטע ערד!
גרויסע, גוטע גערטנער!)

איך שרעק מיך פאַר
דעם יעזוּסל — אַפן וועג,
מיט זיין ראַכמאָנעס-פּאָנים
און מיט זיין קרוין פאַרוויאַלעטער.
איך האָב ליב
די פעלדער, די נעכט, די טעג.
די זינגענדיקע רעגנס,
די ריינע שנייען.

די נעכטנס, די היינטס, די מאָרגנס.
(זיי זיינען אַ סאַך, אַ סאַך, אַ סאַך!)
איך האָב ליב —
די שטאָט לעמבעריק, וואוהין
אַלע שטויבן פון דער וועלט
קומען זיך צונויף אין מיטן מאַרק
און זידלען זיך און גוואַלדעווען
און גייען אַ טענצל
און בעטן זיך איבער.

איך האָב ליב —
בערעזשאַן, די שטאָט, וואו איך האָב אַמאָל
געהאַט אַ מיידלישן אַקסל
אָפּ אויסצעוויינען זיך.
(איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט,
אַז זי איז אויסן מיין קראַוואַט-שפּילקע
מער ווי מיין ליבע!).

איך האָב ליב —
מיין שטוב, מיין שטאָט,
מיין היים, מיין דאָרף,
מיינע יונגע יאָרן פאַרקלונגענע,
ווי אַ קרעכץ פון אַ מויל אַ שמייכלדיקס.

אַ, זיסע, אויסגעהוילטע שאָלעכצן!
ווי אָפּ אַ ווערמדיקער, פוסטער נוס, פייף איך אויס
אָפּ אייך —
דאָס ליד פון מיין לויטער הארץ,
פון מיין שוואַלב און שלאַנג,
פון מיין אָפּ-קייווערראָוועס-גיין
אָפּ אַ געפּוצטן
פאַרוואָרפענעם בייסאוילעם.
יואו אָזשינעם בליען.

## די באָבע

די בלינדע באָבע איז מיר געקומען צו חלום:
איציקל, איציקל גיב מיר אָפּ שלום,
עליכם באָבעניו, וואָס מאַכט איר גוטס?
איך זיץ אין גן־עדן און איך שוויץ.

צי איז אַזוי היים דען אין גן־עדן?
אַזאַ מזל הערסטו אַף דיין הולטאַיסקען זיידן!
ווערזשע הייסט אייך באָבעניו זיין מיט אים?
וואוהין זאָל איך גיין קינד מיינס, וואוהין?
אַז מי האַלט מיך דאָ, ווי אין קרימינאַל,
און ס׳איז אָנגמיסטיקט ווי אין אַ שטאַל.
קען מען דאָך אויסקערן, באָבע לעבן?!
דאַרף מען דאָך האָבן אין גן־עדן אַ בעזים.
וואָס הייסט אַ גן־עדן אָן אַ בעזים, אָן אַ מיסטאָפּ?
נו, קרוינעניו מיינער, דו זעסטאָך, דו זעסטאָך.
ווי אַזוי זשע פאַרברייגט מען די טעג דאָ, די נעכט?
ביי טאָג איז נישקאָשע נאָר ביי נאַכט איז נישט גוט.
געווען אַמאָל דאָך אַ מויד ווי אַן אַרביז,
היינט זיצט מען געליימט און מען נוצט נישט די פיס.

און דאָס רופט זיך אָן פאַראַדיז?

פאַר וועמען ס׳איז שיין פאַר מיר איז דאָס מיעס.
נישט ליב געהאַט קיינמאָל צו זיצן דאָך ליידיק,
איצט זיצט מען ווי געגנז און מ׳פאַשעט דעם פריידיק.
דער פריידיק, אוי באָבעניו, קומט אויכעט צוניץ!
אָבער איך בין דאָך אַ שאָטן, אָט דאָס איז דער שפּיץ.
די באָבע האָט געשאָקלט מיט ליפּן ברוין און בלוי
און דערנאָכדעם זיך אָנגערופן אָט אַזוי:
גן־עדן איז נישט שלעכט, נאָר ס׳איז טייער געגעבן:

מ׳דאַרף דערפאַר באַצאָלן מיטן גאַנצן לעבן . . .
ס׳איז וואָר איך בין באַ נעשאָמע־לאָמפּן דער קנויטן־שנאַצער,
נאָר גלויב מיר ס׳האָט נישט דערוועגט קיין גראַצער.

קוק איך זי אָן און זאָג מיט אַ טרער:
באָבעניו, ווי קומט איר פּאָרט אַהער?
ווי איך קום אַהער? וואודען זאָל איך זיין?
קבעַ, קבעַ. ס׳איז אַ גאַנצע מאַנסע אין דעם.

איינמאָל בין איך מיט דיין זיידן נישט שאָווע בשאָווע,
גיי איך אַרויס אין ליק, טרעף איך עילינאָווי.
שטייט ער נעביך און די זומערדיקע שקראַבעס
און פלאמכעט: „אידן, כאַ ניש אַף שאַבעס!"
ווערט מיר פון זיין קלאָגן זייער באַנג,
נעם איך אַרויס און גיב אים אַ מאַנגער . . .

און וואָס הערט זיך אַזוי, וואָס טוט אַדאָנוי?
ער רייסט זיך קעסיידער אַרום, מיט זיין זון, דעם גוי:
„וואָס האָסטו זיך געדאַרפט שמאַדן, זאָג מיר איך בעט דיך?"
רופט אים יענער, „אַלטער נאַר", און „פילטשיקער רעטעך".
רופט ער אים „פשאַקרעוו" און „קאַנאַליע",
כ׳זאָג דיר ס׳איז פּאַשעט אַ בושע פאַר דער פאַמאַליע!
רופט ער אים „ליידאַק", „נאַרישער טראָפּ"
און ער וואַרפט אים אַלטע לוואָנעס אין קאָפּ.
איינמאָל האָט ער אים אַפילע אָן אויג אויסגעזעצט,
איך זאָג דיר, איציק, מ׳רייסט זיך אַרום ווי סאַמע לעצט.

וואָס הערט זיך וועגן עסן? — „עסן איז דאָ.
פון דעם שענסטן און בעסטן האָבן מיר דאָ.
מאָמיר וויין און קרעפּלעך און טויבן געבראָטס,
נאָר איין צאָרע, עס איז געמאַכט פון . . . שאָטנס".

און שאָטנס, מאַכט די באָבע, האַלב שפּעטיק,
זיינען זייער דין און זייער נישט זעטיק,
נאַדיר אַוועק, מאַכעַ, ס׳גאַנצע שאָטנדיקע קרעמל
פאַר איין זאַפטיק, אונגאַריש פלעמל.

וואָס־זשע ראָטסטו מיך צו טאָן, באָבעניו אַצינד?
איך ראָט דיך צו לעבן, און צו זיין געזונט.

## פּעדקע פּאָפּורילע *)

1.

וועלט איז וועלט.
דער מענטש אַליין נאָר טראָגט די צייט אין זיינע בלוטן.
מאַכט זי עלטער, שווערער, מידער.
קריכן טעג און יאָרן ווי ווערים אַף די בייכער,
דערקריכן צו אַן ערגעץ וואָס איז אין ערגעץ נישט.
דערשלעפּן זיך צום גרענעץ וואָס איז פריי און נישט פאַרנאָגלט.
און וואָס מען קען אים נעמען אַף די אַקסלען
און טראָגן אָט־דעם גרענעץ ווייטער, ווייטער, ביז צו אַלע
בלינדע סאָפן,
און דאָס ערשטע ביסל אָדאָם־לעבן, פון דעם אור־קוואַל
אויסגעשעפּט,
גיסט זיך איבער. דאָר צו דאָר. ווי שאַרפע טראָפּנס פון אַ
פלאַש,
וואָס גיסט זיך איבער שטענדיק, שטענדיק, אָן אַן אויפהער
און ווערט אַלץ שוואַכער, שוואַכער, נישט־באַטאַמטער.
אויסגעוועפּט איז אָט־דאָס ביסל ריינע לעבן—
פון דעם ערשטן קוואַל!
און נישט נאָר זיידעס ווערן עלטער, נאָר אויך די אייניקלעך,
די פינצטערע,
ווערן וואָס אַ דאָר געבוירן עלטער, שוואַכער, גרויער.
די זון פון פלאַקערדיק באַגערן טרינקט אויס דעם וויין,
לאָזט דאָס וואַסער איבער,
דאָס מוטנע ביסל וואַסער פון די אויגן וואָס מאַכט דעם ווילן
ווייך און קויטיק.
פריוון מיר מיט פאַרזיכט עפענען דאָס פלעשל פול מיט זידנדיקן
וויין,

---

*) דאָס־אָ ליד, געשריבן אין די יאָרן פון די צאַרישע פּאָגראָמען, ווערט פונם אויטאָר באַטראַכט ווי אַרכיוו־מאַטעריאַל פון אַנטי־רעליגיעזן באַטייט. ס׳איז קלאָר פון דעם ליד, אַז די פּאָגראָם־מאָטיוון בײַ פּעדקען זענען נישט קיין נאַציאָנאַלע, נאָר ריין־עקאָנאָמישע.

סי זאָל כאָלילע זיך קיין טראָפּן נישט פאַרגיסן.
לייגן מיר דעם פינגער אַפן העלזל פון דער פלאַש,
וואו די פּערלדיקע שוימען בעטן זיך אַרויס — אַ זיד טאָן,
אַ שאָס צו טאָן.
דערוואַרגן מיר מיט אונזערע פינגער אַט דעם פרייען וואונש זיך אויסצושוימען,
אויסצוזינגען מיט איבערפלוס און איבערגוס,
וואָס זאָל דעם אינהאַלט מישן מיט דער קיילע — איינס אין ס'אַנדערע דערטרינקען...
געלינגט עס אונז טרינקען מיר דעם זיסן ווייַן דעם לעבלעכן און שטילן
און ווייסן: ס'איז קיין טראָפּן נישט געגאַנגען אונז פאַרלוירן...
וועלט איז וועלט
און אויגן זענען אָפן.
ווי אַזוי-זשע זאָל מען פאַרט, כ'בעט אייך, גלויבן,
אַז פעלד און וואַלד און זון און שוועמלעך-פּאַראַסאָלן
(אונטער וועלכע סי גייען מוראַזשקעס מיט מוראַזשקעכעס שפּאַצירן
געאָרעמט — פעסט אַרומגענומען דינע דאַמען-טאַליעס — )
וועט אים, דעם טאַמעוואַטן, הונגעריקן פעדקע פּאָפּורילען נישט דערמאָנען
אָן דער רעגעדיקער שיינקייט פון טוי אַף שפּינוועבס.
אָן גרויסן עפּעס, וואָס צעבלינעט זיך אַלע פאַרנאַכט
מיט אַזאַ מין בלוט-פלאַם טאַינעג.
נישט דערמאָנען אים דעם טרויער פון הערבסטן וואָס פרעסן-אויף די זומערס,
קעדיי אַליין פאַרצוקט צו ווערן פון די בייזע פרילינגס,
וואָס טאַנצן אַף די קוואַרים פון די יונגע ווינטערס —
נישט ווייזן אים דעם צאַאַר פון יונגע טויבן,
וואָס פאָכן מיט די פליגל אַרום אַ פייער,
קעדיי וואָס גיכער זיך צו ראַטעווען,
און בלאָזן מיט דעם פאָכן נאָך דאָס פייער אויף
אין פאַלן, פליגל אָפּגעברענט — צו דער ערד אַראָפּ;
נישט עפענען די אויגן אים צו זען דעם נעס
פון ביימער, וואָס וואַקסן קיינמאָל נישט מיט וואָרצלען אין דער לופטן,
פון וואַסערן וואָס פליסן קיינמאָל נישט אַרויפצוצו,

פון דינע, שוואַכע רעגעס, וואָס ציען זיך, געקייטלט, דורך די
אייביקייטן.
און טויזנט ריזן קענען דיר ס'מינדסטע נעכטן־רינגל נישט
צעברעכן,
ווייל וועלט איז וועלט.—
איז ער דער מענטש דער איינציקער צישן אַלע כּאיעס,
וואָס איז דרייסט גענוג צו קוקן
זיין אַנד'רער העלפט אין פּאָנים, בעים דעם פֿאַרן־זיך.
טראָגט ער, אָט־דאָפאַר אַפּאָנים, שטענדיק ביטערקייט און בושע
אין זיין האַרצן.
און אין די אויגן זיינע וואוינט דער שמייכלדיקער אומעט—
(דער טיפסטער פון די זיבן אומעטס אַף דער וועלט!)
אָבער אויגן זעען בלויז צום בעסטן דאָס, וואָס זיי זעען קיינמאָל
נישט.
זעט פעדקע פּאָפּורילע ווי ס'פּאַשען זיך די שעפּעלעך, בעהיי־
מעלעך,
טראַכט ער נישט: ווי שיין סי איז דעם פּאַסטוכס פּייפל און
זיין ליד.
(ווייל זיין אַ שטיק פון וועלטס לייכטענדיקער שיינקייט
הייסט נאָך נישט אַליין די שיינקייט זען:
פּונקט ווי דער, וואָס שמירט זיך אָן מיט אייזלפּעטס זיין שטערן,
האָט נאָך נישט אַליין קיין אייזלשע געדולד).

2.

קוקט פעדקע פּאָפּורילע אַף די גרינע לאָנקעס
און אַף די פּלויטן,
און אַף די וואַסערן,
און אַף די טשערעדעס,
זעט ער נישט קיין זאַך
אַכוץ: אַ ברויט, אַ קאָפּ, אַ צעבער בלוט.
אַ יאַטקע מיט געשטינקעכץ פון געדערים.
צונגען טויטע, ווײשיטן, גראַשיצעס און הייסע לונג־און־לעבערס
און פעלעכלעך צעטרענט און אָפּגעלופּעט
אַזש ס'גייט פון זיי אַ פּאַרע.—
אַ ליידיקע בעהיימע מיט גאָרנישט־נישט אין איר
אַ כּוץ די גאָט־געשטאַלט פון אָקסישן אייל־שאַדאַי.

די דרויסנקייט, וואָס ווייסט נישט פון איר אינעווייניקסט
אומגליק,
און לאָזט זיך טרעטן מיט די פיס—פאַדעשוועלעך פאַר איציקס
און פאַר שימענס,
קוטשמעלעך פאַר פעדקעס און האָורילעס.
ווי אַזוי, אַשטייגער, זאָל מען גלויבן אָט דאָס גלייביקסטע
פון איינמאָל-איינס-איז-איינס ,ווען איינס אַליין
איז גאָרנישט אַף צו גלויבן. ווען ווײדלען
דרייען מיט די הינט, ווען קוגל-פלעקן אַף די סאַרוועָר-פאַרטיכער
דענקען, אַז מ׳דאַרף די פאַרטיכער נישט האָבן,
ווייל קוגל-פלעקן זענען דאָך אַליין אַ צירונג אַפן האַרץ.

אוי, ווער זאָל זאָגן? ווער זאָל רעדן?
די שוואַלב, אָ, ברידער מיינע, וואָס דאַרף דעם פרילינג
אַריינצווזינגען אין מיין וויסטער שטוב,
און בויען זיך אַ נעסטל אַף מיין דאַך,
(לעבן בוידעם-פענצטערל, וואָס גייט אַרויס צום פלוימען-סאָד,
וואו אַ צימריג-געלבלעך שטיקל זייד פון זיידנס קאַפּטן
בליט שוין קאַמאַ יאָרן אין „עלנבויגן״ פון אַ טויטן פלוימענבוים.)
און ברענגען בלאָטע-פינטעלעך און פיצלעך שטרוי און פעדערלעך
פון אַלדע גוטע יאָר—
צו בויען אונטער מיינע קראַקוועס דאָ אַ נייעם דאָר.
זעט דאָך נישט דעם „משנכנס אדר״ אויפשריפט אַף די רינענדיקע
ווענט פון קלויז,
סיידן אַז דער ווינט פון דרויסן לייגט זיך ווארים אַפן פליגל,
קיצלט נאַכעסדיק דאָס שנעבעלע, דאָס פלייצעלע, דאָס ווײדעלע,
ערשט דעמאָלט קומט די האָפערדיקע שוואַלב אַהיים צו נעסט
און קינדערלעך,
און ברענגט אַ ווערימל אין פיסק און שפּייזט די שוועלבעלעך
און זינגט דערנאָך אַ לויב צו „גאָט״, וואָס ווערים זענען ווייך און
גוט צום עסן.

אוי, ווער זאָל זאָגן? ווער זאָל רעדן?
די קאַץ קומט אַפּט צוגיין באַנאַכט פאַריאָמערט און פאַרקלאָגט;
וויינט און וואָיעט אַזוי עלענטלעך:
— מיאַו איז מיר,

עפן, באַלעבעסל, מיר די טיר.
ס'איז גרוי די נאַכט און רוי
און קאַלט אַזוי.
אוי, עפן אויף, האָב גאָט אין האַרץ!
אוי, מי־אָז איז מיר—
עפן־אויף די טיר.
קומט זי שטיל־גאַנייוויש מיט אַ מייזעלע אין מויל
אַריין צו מיר.
פאַרגאַנוועט זיך אין ווינקל פון דער קיך
און עסט און וויינט.
דאָס פרישע מייזל־בלוט ליגט איר אַף די וואָנצעס,
און זי, די פעטלעכע „ווייגענדיקע שוועסטער",
דאָס שוואַרצע מאַזל פון די וויסטע היימען,
וואו דאַלעס פירט די שפינען זיינע אַף אַ שטריקל
איבער זיפצנדיקע הערצלעך פון שלאָפנדיקע קינדער, —
אָט־די פעטע, פאַלשע, פוילע זאַך,
גריזשעט יונגע ביינדלעך פון אַ מייזעלע,
באַלעקט זיך אַלע ווייל די פרומע וואָנצעס אירע,
טרייסלט מיט איר לאַפּקע פונם אויער אַרוים די מויזן־קלאָלעס
און וויינט, און וויינט.

אוי, ווער זאָל זאָגן? ווער זאָל רעדן?
עפשער איז די „ווייגענדיקע שוועסטער" פון אַ וועלט, וואו אַלצדינג איז
ביז צום וויינען שלעכט—
מער נישט ווי אַ רעמעז פון די אַלע וויסטע טאַיוועס, וואָס וואָיעווען אין אונז
(גלייך ווי מענטשנס האַרץ וואָלט זיין אַ זאַק מיט לעבעדיקע לעמפּערטן),
און וויינען קלוימערשט אין די שווערע נעכט,
ווען שלאָפנדיקער קאָפּ איז ווי אַ שיקערער מעשוגענער באָרדעל,
דאָס האַרץ — אַ ליאָרע פאַר אַ בעטלערל מיט פליכעוואַטע אויגן,
וואָס וויינט און ציילט די טרערעלעך, די גראָשעלעך
און געגעצט־אוים און כריפּעט־אוים אַ לידעניו אַזוינס

פון גרויסן קעניג, וואָס פאַרלוירן האָט די קרוין —
אוי, שענקט אַ נעדאָוועטשקע!

3.

און ווער זאָל זאָגן? ווער זאָל רעדן?
פּעדקע פּאָפּורילעס לעבן איז שווערער ווי דער סענקיוואָטער קלאָץ,
וואָס ליגט ס'זעקסטע יאָר שוין באַם שוועל פון פּעדקעס שטוב
און דינט בלויז פאַר אַ מיטל אָנצושאַרפן פּעדקעס ביטערקייט,
אַף שוואַכערע. אַף ווייכערע. אַף נישט־אַזוינע־איינגעשפּאַרטע קלעצער.
ס'איז וויסט און ביטער—אָט די ביטערניש די וויסטע.
שילט אַריין אין ווינט אַריין—ברענגט דער ווינט דאָס שילטעניש קריק
און שילט דעם שילטערס שילטענדיקע צונג.
נישטאָ קיין שאָלעם!
דאָס הענטל פון דער האַק אַפילע הויזט נישט מיט דער האַק
און אָפטמאָל פליט די האַק דעם הענקערס קאָפּ אַריבער
און דעמאָלט שמייכלט־אויף דער קלאָץ מיטן טיף־צעקאַרבטן פּאָנים זיינעם,
און טראַכט. נאָר ווער קען זאָגן וואָס די קלעצער טראַכטן,—
ווען זיי טראַכטן?
דאָס עפּלבוימל אין פּעדקעס שטיקל סאָד
טראָגט זויערקייט אין די וואָרצלען, נעמט־נישט־אויף די זיסע זון און טוי.
— יעזוס גאָט געקרייציקטער! ווי ברענט אין נאָז דער הונגער
נאָך אַ שטיקל קנאָבעלע אָנצוהייבן אַף אַ האַרטער שישקע!
זאָל זיבן מאָל פאַרשאָלטן זיין דאָס פּיצל ערד,
וואו שטאָט עפּעס קנאָבלדיקס, געשמאַקס, וואַקסן בלימלעך גאָר
און אַנדערע נישט־נוציקע מין שמאַכטעס, וואָס צירן־אוים אַן אויסגעמוטשעט שטיקל פעלד.
פאַרוואָר! פּעדקע פּאָפּורילעס לעבן איז קנופּיק, שווער און האַרט,
אַ רירעוודיקע נויט פּילט־אָן זיין לעבן־שטרויזאַק
ווי פליי פאַרהונגערטע, וואָס שפּרינגען־אום אין בוזים.
דאָס סטענדל און די הויזן דעקן צו אַן אויסגעטרינקנט לייב.
די קרייקע בינדט אַרום אַ ווייענדיקן בויך.

און אַף די לענדן זיינע (ווי דעם מענטשנס ווייב
פון די ריפּן זיינע אויסגעשניטן) טראָגט ער אום זיין האַק.
פעדקע פּאָפּורילע לעקט זיך אָפּט ס׳בלוט פון די צעקלאַפּטע
פינגער זיינע,
ער זויגט זיין צאַאַר און שפּייזט זיין וואונד אַף ווייטיק.
— זשידי ניעכריסטי!
— האָבן ציבעלעס און ווייסע ברויט און גענז וואָס גוגערן גאַר
גאַיוועדיק.
פון אַלדאָס גוטס — אַ פייער זיי אין פּאָנים!
(אַפילו בעים זיי גייען אין שול אַריין זיך מאָדליען
טראָגן זיי מיט זיך אַזוינע ברייטע סאַמעטענע בייטלען
מיט בראָמפן און מיט קיכעלעך מיסטאָמע).
פעדקע פּאָפּורילע האָט קיין קי נישט,
מעלקט ער שווער די אייטערס פון דער ערד.
נישט-פאַרגינענדיקע, נישט-געבנדיקע אייטערס זענען דאָס,
לאָזן זיך נישט מעלקן און נישט ציען.
שווערע, האַרטע ציצן, אייגעשרומפּן, איינגעאַקשנט,
גיבן זיי שוין סאָפּקאָלסאָף מ׳טראָפּן בלאָע מילך —
צעשפּרייט עס זיך היבש-ווייטלעך פון ליפּן די צעעפנטע,
פאַרהונגערטע.
אָך, באָזשי מאָי, באָזשי מילאָסערדני!
פעדקע פּאָפּורילעס מויעך מיהט זיך אָנצוצינדן עפּעס-וואָס אַ
פינצטערלעכס.
און ס׳איז, אַשטייגער, ווי מוראַשקעס וואָלטן שלעפּן טויטע
פליגן.
ווי אַ ריזיקע מאַשין אַף קנאַקן ניסלעך—
איז דער גרויסער, בלאָנדער פּויערן-קאָפּ.
וועגט ער אַף זיין סייכל-וואָגשאָל ס׳ברעקל הײנט און דאָס פּיצל
נעכטן,
ציטערט-אויף דאָס וואָגשאָל-צינגל, פאַלט אַף רעכטס, אַף לינקס.
עך, וואָלטן מענטשן כאָטש אַ העלפט אַזוי פיל קויעך פאַר־
שווענדט אַף זאַמלען ברויט,
ווי זאַמלען גינגאָלד, מירמלשטיין און פויגל-מילך,
וואָלט דעם מענטשנס האַנט אַזוי געגאַרט צום טעלערל
פון טיש,
ווי זי שטרעקט זיך צו דעם טעלערל פון הימל,

וואָלטן מענטשן אומעטום געוועזן זאַט. געהאַט אַ דאַך, אַ שוך, אַ קלייד,
און פריד און גליק און זאַטקייט וואָלט טון הערשן אַף דער וועלט.

פעדקע מעלקט די ציצן פון דער ערד—גראָבט און גראַבלט,
ווי אַ הון אין ביסל מיסט אַרום זיין כאַזער־שטאַל,
וואו צוויי כאַזיירימלעך ראַיען זיך און רייסן זיך און רייבן זיך
די פעלן איינס אַן ס׳אַנדערע, און קרעכצן שטענדיק
(עפעס גאַר ווי יונגע און פאַרליבטע מענטשן!)
די פעדקיכע ווערט אויסגעריסן נעבעך. ווייקט זומער־צייט
קאַנאָפּליעס אין דעם טייך. זי פלאַנצט און שפינט—
גראָבט מיט הוילע הענט קימאַט, אַקערט מיט דער נאָז די ערד.
אָבער וואָס גייט־אויף? מויזנמיסט און שפּינענקויט.
רייסט מען דער קאַרטאָפלם בלאָע הויט—בלאָע שאָלעכץ,
פאַרגינט מען זיך אַפילע נישט דאָס ביסל בולבעס, נאָר דער שאָלעכץ־לעב צוליב—
מישט מען אוים מיט קלייען, גיט מען די כאַזיירימלעך צו עסן—
עסן די כאַזיירימלעך געשמאַק. און קריגן זיך פון ליבשאַפט.
איז אַלצדינג גוט און וואויל אַזוי,
און וואַרימלעך און גוט־באַקוועם.
(אַ לעבן אַף דעם יונגן כאַזערס קוויטש—ס׳איז זיסער ווי דעם גאַלעכס דאַרשענען, ....
שענער ווי די טויבן וואָס צעפליען זיך פון גלאָקן־לאָך, ווען דאָס גלאָק־האַרץ הויבט זיך אָן צו וואַרפן).
נאָר אוי, נישטאָ געגוג קיין מיסט צו מיסטיקן
דאָס אויסגעמאָרעט, אויסגעדאַרעט,
אויסגעהאָרוועט שטיקל ערד,
וואָס זיידעס־זיידעס האָבן עס צום טויט פאַרמוטשעט,
וויל עס מער נישט פרוכפערן און אַכפערן—
קיין קויכעס מער נישטאָ מזאַנע זיין מיט רעגן און מיט זון.
סי ציט דאָס שטיקל ערד צום שלאָפן,
שלאָפן, שלאָפן.
זאָלן דערנער, קראָפּיווע און ווילדגראָז טאַנצן אַפן קאָפּ!
(ווילדע כעוורע דאַרפן נישט דער מאַמעס פאַרטוך,
עסן וואָס סי מאַכט זיך. ווען סי מאַכט זיך, פיל סי מאַכט זיך!)

גייט עם אויס צו פעדקעס קינדערס קעפּ. ווערן נעבעך אַלע
אָנגעדראָלן ווי די בערג.
גייען־אום מיט הויכע בייכער ווי שוואַנגערדיקע שרעטעלעך,
וואָס דאַרפן באַלד געלעגן ווערן און האָבן אַ פאַרזעעניש אַזוינס,
וואָס רופט זיך „פּוטיאַמבאַסס”,
און גריזשעט ליים פון קאַלטע ווענט אַראָפּ,
און טרינקט דאָס זשאַבע־וואַסער אויסן זומפּ, פון זשמעניעלע
אַרויס.
ווערט אויך שטאַרק פאַרביטערט דאָס געמיט פון פעדקעס
ווייב,
די שיינע, הייסע קאַסיאַ,
די האַלז־און־נאַקנדיקע,—
דיך־און־לענדנדיקע,—
מכאַיעדיקע, פרישע, ברוינע קאַסיאַ (צום קושן און צום בייסן
און צום שלאָפן).
מאָנט זי: ברויט, גיב ברויט, נו ברויט, אוי ברויט.
ברויט פאַר קינדערלעך געשוואָלענע—
אַף אָפּלעשן הויכע בייכער, וואו סי ברענט דאָס פייער פונם
טויט,
דאָס פייער פונם טויט.
שטייט פעדקע אין געהאַקטע וואונדן. רעכטע האַנט אין
קרייקע פון זיין סטאַן,
און מיט לינקער קראַצט ער זיך דעם דעכלדיקן קאָפּ
געליימט־פאַרשעמט:
און זאָגט: יעי־באָגו, נישטאָ!
אַ קרישעלע נישטאָ.
געזוכט אַ גאַנצן טאָג אין מיסט, אין מאַרק. גאָרנישט נישט
געפונען.
זאָלן מיך די ווערים פרעסן—קומט אויס סיידן עסן ווערים.
יעי־באָגו!
שטייט ס'אַלטע באַרנביימל באַ דער טיר און ציטערט מיט די
הוילע צווייגלעך,
(קיינמאָל נאָך אַזאַ מין צאַאַר נישט צוגעזען!)
טראַכט עס: עך, ווען איך זאָל האָבן ציטיק ראָטיש די באַרלעך
פאַר די קינדער.
קוקט עס אַף די הוילע שפּיצלעך פון די צווייגן,
ווי אַ מיידעלע אַ יונגס קוקט פאַרשנדיק אַף אירע ניפּלען.

— נישטאָ נאָך.
ט׳יונגע כאַזערל ס׳וואוילע—אין שטוב צו גאַסט—פאַרדרייט
ס׳עקעלע גאָר כיינעוודיק
און לאָזט צו וויסן טוען אַף כאַזער־שפּראַך, אַז ס׳איז גרייט
צו מאַכן מ ע ר ע ר מיסט — סי דאַרף נאָך מערער עסן.
פעדקע רופט ס׳כאַזערל צו זיך, גיט ביגנייווע אים אַ גלעט
אין קעפּל,
פאַרזשמורעט זיינע פליכעוואַטע אויגן און זעט כאַלוימעס,
שוואַרצלעכע, גערויכערטע, געברוינלעכטע,
מיט שטיקלעך ווייסע, פּעטע פלעקן—ווי מאַנדלען אין אַ האָניק־
לעקעך.

4.

פעדקע פאַפּורילעס אויג איז אָנגעמאָלקן פול מיט נאַסקייט,
גיט ער זיך אַ שמיר צווישן נאָז־און־שטערן
און טוט אַ שאַרפן, לענגאַכדיקן שפּיי,
און קנאַקט זיך אוים פאַמעלעכן די פינגער, ציילט זיי איבער
צו זען אומישנע, צי ער קאָן נאָך ציילן
און צי עס דינט דער שווערער קאָפּ—צו העכערע איניאָנים.
נו, דאַנקן גאָט, צען, איז וואָס? איז, הייסט דאָס, ריכטיק.
זאָל יעזוס־כריסט געלויבט זיין כאָטש דאַפאַר.
די פעדקיכע גייט־אום אַרום דער ריבע. רויכערט זיך אין רויך
דאָס רויט־פאַרוויינטע פאָנים.
קאָכט דעם שיין פון אויגן אין אַ ביסל וואַרים וואַסער מיט
צוויי־דריי גרייפּלעך עלנדע,
וואָס שווימען־אום, ווי האָפנונגען פון איינעם, וואָס שווימט אין
מיטן יאָם.
לאָזט זי שטיל אַריין אַ טרער אין טעפּל. די קינדער נעבעך
קראַצן זיך די ווייסע קעפּלעך, לעקן עם מיט לעפקע האַלב־
געבאַקן ברויט,
און קוקן צו דער לייטער פאַרן בוידעם—
ווי עפּעס אָט די לייטער וואָלט זיי קענען ראַטעווען,
וואָלט זיי קענען פירן גלייך צום הימל, וואו
לעוואַנע־כיילעוו טריפט בשעפע, און יעדער וואָס האָט נאָר
אַ צונג
קען לעקן.

אין דעם קליינעם צאַנקענדיקן, זידנדיקן, בייזן פייער,
וואָס סי ווייגט אין זידט און קלאָגט זיך אַף זיין מאַזל—
גראָבט די פעדקיכּע אַריין די אויגן אירע, וואָס זיי ברענען
אַקוראַט ווי אַט דאָס בייזע פייער און זיי שילטן, און זיי צאַנקען,
(אַ פייער נערט אַ פייער. אַ פייער פרעסט אַ פייער !)
אין דרויסן איז זיך ווינטער-לעבּ. סי סוויסטשעט
ווילד דער ווינט דער ווילדער. און ווילדער
ווי דער ווילדער ווינט, ווילדעווען די ווייסע
כּוצפּעדיקע, פּוכעדיקע פליגן, שנייען-שמעטערלינגען
טאַנצן ווילד אין ווינט און וויכער, וואָיעווען סאַקאָנעס.
בּעלמען זיך די הימלען, בּעלמען זיך די שויבן אין די קליינע
פויערים-שטיבלאַך.
ווערט ווער ווייס ווי ווייס די וועלט ! אויסגעפּערלט—מוטער-
פּערל.
האַלב-פאַרווישט די וועלט די ביטערע.
אויסגעיאָמטעוועט — נאָר צו קלינגען אין די קלויסטערגלעקער,
נאָר צו גיין האַקאָפעס אַרום אַ לאַבן ערד. מיט כּאַלעס אין די
הענט.
די בערג וואָס האַלטן פּעדקעס דערפל אַף די פּיס—זענען פאַרכ-
טיק-איינגעהויקערט
פון דער פרומלעך-ווייסער לאַסט.
איינגעשלאָפן איז דער ווינט—
אויסגעטרונקען פון דעם פראָסטן-דאַרשט.
רויכלעך גייען זיך צום הימל—אים דערציילן, אַז
ווער סי זייעט פונקען, דער טוט שניידן פייער.
ס'איז נאָענט פון ניטול-נאַכט און רו.
פון יענער טויטער רו, וואָס רוט אַף אַלעמען,
וואָס גלויבן—הויערט-אום אַף פינקלדיקן, בליצנדיקן שניי.
אַ בלאָלעכקייט פון גאָר די הימלען בלאָלעכט-אָפּ דאָס דאָרף,
וויגט עס איין,
זינגט עס איין.
ציטערט-אויף אַ שאָטן פון אַ קלויסטערגלאָקנקלאַנג,
רעדט זיך דורך מיט זיך אַליין
און וויגט זיך איין.
און אומעטום איז רו—
בלאָע, בלאָע רו.

ציטערדיק־געטרייע מאַמע־הענט צעשפּרייטן זיך און נעמען אָט
דאָס גאַנצע קליינע שטילע דאָרף אַרום—פון אומעטום :
שלאָפן קינדער. אַי־לו־לו־לו, לולונקו.
קינדער שלאָפן : לולונקו !
(נאָר צו שלאָפן, נאָר צו רוען, באַ אַ טעפּל־פייער,
אַ טעפּל ליבע, אַ טעפּל ע־סן—אוי, ע־סן !).

5.

פּעדקע גייט אַרוים אין גאַס, גיט אים בייז אַ זעץ דער פּראָסט
אין מאָרדע,
ווייל מיט זיינע שאַרפע ציין פּעדקעס טוכלעם פּעלץ צעבייסן.
שטאַרקט ער זיינע טריט. גייט צום כאַזער־שטאַל אַוועק.
פּאַרשטופּט
די שפּאַרעס מיט אָניטשעס און וויכעטשעס.
דערנאָך גיט ער דעם אינגסטן כאַזערל אַ גלעט באַם הינטערטייל
און גיט אַ שטאַרקן זיפץ. אַ שטאַרקן צי מיט נאָז און ליפּ
(דערשמעקט, אַפּאָנים, שוין דעם קאָלבאַס, וואָס דאָס כאַזערל
וועט זיין
אין צווייטן גילגל און איז באַטריבט דאַפון, וואָס ער קען זיך נישט
פאַרגינען אָט־דעם אוינעג־יאָנטעף,
פון דערלאַנגען אַ לעבעדיקן כאַזערל אַ זעץ אין קאָפּ און עס דער־
האַרגענען).
דערנאָך איז ער אַוועק אין שטוב. די האַק גענומען,
געפּריפט די שאַרף אירע אַף יענעם סוקאַוועטן קלאָץ,
וואָס ליגט דאָס זעקסטע יאָר שוין באַם שוועל פון פּעדקעס שטוב,
אַ טראַכט געטאָן פון כאַזערל, פון בלוט, פון קאָלבאַס —
זאַלציק, האַרבלעך־אָנגעקנאָבלט און מיט פעטס. אַ קוק געטוען
צום הימל,
אַ טראַכט געטוען פון אָרימקייט און הונגער,
אַ טראַכט געטוען פון ווייב, און קינדערלעך געשוואָלענע,
געדראָלענע.
אויסגעווישט אַ טרערל — מיטן היטל,
אָפּגעציילעמט זיך : וואָ אימיאַ אָיצאַ, אי סינאַ, אי סוויענטעגאָ
דוכאַ אַמען,
אָנגעגאַרטלט זיך די האַק און איז אַוועק.

## 6.

לייבמאָרדכע גייט שוין קריק פון דאָרף אַהיים,
צו ווייב און קינד,
שלעפּט אַף זיך אַ קאָרב מיט הינערדיקס און אייערדיקס
און בינטלעך פלאַקס און וואָס־נישט־איז—
(די הינער זענען איינגעוויקלט אין רעשטל פון דער עלטער־
באָבעס קאָלדרע,—
וואָס האָט אויסגעוואַרימט פינף דוירעס שיינע אידן, יעריי־
שאָמאַאים).
אַבי נאָר ברויט צו ברענגען פאַר דעם הויזגעזינט (אַז ווייי און
ווינט),
פלאָגט מען זיך אין וועג, וואָגלט מען אין וועג, ברומט מען זיך
אין וועג:
— שומר מה מלילה.
ווי גראָ דאָס לעבן איז, פון שאָטנס אויסגעוועבט.
ווי שאָטנס איז מען דאָך, צו שאָטנס צוגעהעפט,
און וואָס איז וועלט? פאַר וואָס? צו וואָס? צו ווען?
דער טאַכלעס פון דעם טאַמצים פון דעם טאָך?
אוי, שווער!
אוי־וויי־איז־מיר, די לאַסט איז שווער.
(דער גאָלעס איז אַ לייסטענבראָך אַף אונזער גוף)
און שווער איז אויך דאָס שוואַכע שטיקל גוף אַליין דאָס ניש־
טיקע, מישטיינס געזאָגט.
אוי־וויי־איז־מיר:
— שומר מה מלילה?
— שומר מה מליל?

## 7.

לייבמאָרדכע ברומט זיך צו אַ ניגנדל אַן אַלטס. ציט פאַר אים
ס׳לעבן זיינס פאַרביי. נעכט און טעג אין בענקעניש און ווייב
און ברויט און קינד,
שטייען־אויף די כאָסן־טעג, גמאָרע־טעג און פילפּל־טעג.
געקרייזלט ווי אַ רויך אין לופטן.
און וואָכן באַ דעם שווער אַף קעסט—אוי, סאַמעטענע,
נאַכעסדיקע,
מיט טשאָלענטס און מיט זמירעס און מיט בולבע־קעזלעך.

כאָטש נעם און וויין—נאָר וויינען?—ווער וועט וויינען?—ווער?
די טרער קען נאָך צופרירן צום אויג און בלייבן דאָרטן...
און איצטער—שניי. ווי גוט דאָס איז וואָס „גאָט“
איז גוט, און ווי ער טוט איז גוט: גערעכטער גאָט!
די נאַכט איז שווער, דער פראָסט טרינקט־אויס דעם אָטעם פונם האַלז,
די באָרד הענגט ווי אַ פרעמד שטיק שניי אָף באַק און ליפּ,
ס'איז שווער, אוי, גאָט, אוי, שווער!
זאָל מען כאָטש דערלעבן זיך דערשלאָגן ביז אַהיים בעשאָלעם—
וועט מען דעמאָלט ערשט אָפּגעבן דעם רעכטן דאַנק און לויב־געזאַנג צו גאָט.
טילים וועט זיך גיסן פון די ליפּן מירצעשעם ווי ווײן—
פון פּעסער מיט געפּלאַצטע רייפן, ס'וועט פאַרשמעקן
בלינעדער אַלע זיבן הימלען. סי וועט זיך טוען אַ ביסל, ריבוינע־שעלאוילעם!

8.

אוי, זענען מיד די פּיס, דער קאָפּ איז שווער אַזוי.
(פול אָנגעטראַכט מיט ליבשאַפט און מיר צאַאר)
און קינדער וויינען: ע־ס ן!
אוי, שעפּעלעך.
אוי, ווייסע, ריינע, קלאָרע שעפּעלעך—אוי, גאָט,
ווי דיין גנאָד איז גרויס!
און איצטער איז אַ טאָג אַוועק—אָף זוכן ברויט,
אוי, גאָט אין הימל!
מיין אינגעווייד טוט ברומען דיר אַ לויב.
ווי וואויל סי טוען מיינע לעפצן שטומען.
ביזט אָנגעברייט מיט שטאַרקייט, גרויסער גאָט,
און דיין ראַכמאָנעס איז צו אַלע ווידמונגען פון דר'ערד,
אַפילע צו דעם מינדסטן ווערימל —

פעדקעס האַק. אַ קרומער בליץ. אַן אָפּגעהאַקטער טויט־געשריי.
און רויטער שניי.
אוי, רויטער שניי.
און איבער דעם געהאַרגעטן—אויסגעצויגן אין דער ברייט,

דער האַרגער, כוילענויפלדיק.
אַ ציילעם פון צוויי גופים—פאַרבלוטיקט און מעשוגע.
און אַט דער ציילעם וויינט,
און אַט דער ציילעם ברומט:
אוי, שמע ישראל...
אָ, יעזוס — — — —
ע—כ—אָ—ד—!

יאַר 1923.

## אַ טאָסט.

— אידאַ ש.

ווי צוויי גלעזער קלינגען זיך אָן
אין אַ טאָסט און צעברעכן זיך,
אַזוי האָבן מיר זיך צונויפגעקלונגען
אום צעבראָכן צו ווערן.

## סימפאָניע אין שטיינגרוי

.1

אַז איכ׳ל שטאַרבן וועט וואַקסן אַף מיר
גראָז. דערוויל וואַקסן אַף מיר לידער.
פיירעס זון־געפאַרבט און רויט און שאַרלעך,
איך גיב אַ טרעסל מיטן האַרץ פאַלן אַף דער ערד
די לעצטע מאַט־געפלעקטע טערפקע באַרלעך.

עס שטאַרבט ס׳בלעטל אַפן בוים סאַף זומער
מיט שטייפן, טרייסטענדיקן פראָסט פאַרוויטיקט.
אויגן טראָפּנס וואַרימע ביטערע ראָסעס
האָבן אין דעם קאַלטן וואַלד די פרוכט געצייטיקט.

עס צאַנגט דאָס בלאַט און פיירעס פאַלן צו דער ערד
דער וואַלד אַליין בלייבט שטאַרק און פעסט און קרעפטיק,
אָט באַלד ס׳וועלן מיט אַ נייעם בליען
די וואָרצל־פּראָלעטאַרן ווידער זיין באַשעפטיקט.

אָ, נעמט די פרוכטן ! פאַרזוכט די טערפקע פערזן ;
דער שטורעם־ווינט וועט באַלד מיך אויסטון נאַקעט,
עס פלאַמט די ווינטערזון מיט לעצטן כעסעד
דאָרטן וואו מיין האַנט האָט טיף געאַקערט.

אָ, נעם די פרוכט זיס און קיל און גוט צום גומען
כאָטש געבליט אַף צווייגלעך פול מיט פייער.
ס׳איז די לעצטע שאָ פון געבן און פון נעמען,
וועלט און ערד גיב איך מיינס צו שטייער.

2

אָנגעלענט אין ביקסן־רימן און מיד פון גאַנג
זינגט דער באָלשעוויק־פּאָעט אַזאַ געזאַנג :
אַז איכ׳ל האַלטן באַם שטאַרבן, קען זיין, אַז איכ׳ל געבן אַ טראַכט

אַז דער טאָג איז טאַקע שיין, נאָר ווייך איז דאָך די נאַכט.
און אַז דריי טריט נאָך מיר וועלן אַרבעטער צעברעכן סוינעס שווערדן,
מ׳וועט נישט זייען מער קיין בלוט. און עס וועט נישט אויפגיין מער קיין טרערן.

אַז איכ׳ל האַלטן ביים שטאַרבן וועל איך נישט שרייבן קיין צוואָע,
און אַ מאַציווע דאַרף איך אויך אַף אַ קאַפּאָרע,
איך וועל זיך בלויז צו מיינע ליבע כאַוויירים באַגעבן
און זאָגן איך שטאַרב נאָר איר בלייבט לעבן!

מיט מיין טויט וועלן אַרויסגיין פון ענגער טפיסע
זעקס זיבן קראַנקהייטן געוויסע,
וואָס זענען צוגעבונדן צו מיר שוין וויפיל יאָרן,
און זענען שוין מיט מיר איניינעם גרוי און אַלט געוואָרן.

אַז איכ׳ל האַלטן ביים שטאַרבן וועל איך קוקן ווי לופטשיפן פליען.
און טראַכטן: מיין לעבן איז ביטער געווען ווי פּאָלין,
נאָר דער טויט איז אַוואַדע אויך נישט זיסער. און עפשער יאָ?
מ׳קען נישט וויסן וואָס ס׳טוט זיך דאָרט וואו מ׳איז נישטאָ.

איך קען שרייבער וואָס האָפן צו שטאַרבן אונטער פאָנען און טרומייטן,
מיך ווידער אַרט נישט אַז צום בייסוילעם וועט מיך קיינער נישט באַלייטן.
איך האָב אין מיינע טעג געזען גענוג נויט, געהערט גענוג טרערן,
צו וויסן אַז מער איז דערוייל נישטאָ וואָס צו זען און צו הערן.

3

אַז איכ׳ל האַלטן באַם שטאַרבן, ווען און וואָס ס׳איז באַשערט מיר.
וועל איך נישט דיקטירעווען קיין לעצטע ווערטער.
איך וועל נישט מאַכן קיין שום אָנשטעל אַף עפעקט.
ווי אַ קינדערישע שריפט אַף טאַבליצע וויל איך ווערן אָפּגעמעקט.

אַז איכ׳ל האַלטן באַם שטאַרבן, וויל איך לאָזן אַ גרויסע ירושה:
אַ וועלט מיט עפּל, מילעכקי און וואַסערן פרישע.
איך וועל איבערלאָזן שטאָלפאַבריקן, די ערד, די לעוואָנע,
דאָס וועט זיין מיינע כּאַווײרים אַ גוטע מאַטאָנע.

אַז איכ׳ל האַלטן ביים שטאַרבן, וועל איך נישט צונויפרופן די שכיינים;
זיי זאָלן זיצן ביי מיין בעט און וויינען.
ווי אַ שפּענדל שווימט אַליין וואוהין די פאַליע וויל
אַזוי וועל איך צושווימען צום ברעג רואיק און שטיל.

איך וועל נישט זיין נערוועז, נישט בעטן אָפּ נאָך אַ מינוט,
נאָר טראַכטן זיך: אַזוי בידאַרף זיין. אַזוי איז גוט.
איך וועל זיך אַליין זייער אַ קלוגן מאָשל געבן:
אַמאָל איז געווען איינער האָט ער באַצאָלט מיטן לעבן פאַרן לעבן.

4

אַז איכ׳ל האַלטן ביים שטאַרבן, וועל איך שטאַרבן ווי אַ באָלשעוויק,
אין האַרץ אַ וואַזאָנע, אין קעשענע — אַ שטריק.
איך וועל שטאַרבן אַ סאַך אַ סאַך שטילער ווי איך האָב געלעבט
ווייל צו מיינע הענט האָבן זיך גרויסע אומגליקן געקלעפּט.

אוי, קענען קען איך גוט די ענגשאַפט פונעם מענטשנס שטערבן,
צו וויסן ווי געשמאַק ס׳איז דער קילער טויט נאָך הייסן לעבן.
ס׳איז ווי נאָך אַ טאָג אַ לאַנגן מיט ווייטיקן גרויסע
זאָל קומען אַ נאַכט און דיר דערציילן אַ מאַינסע.

און איר זאָלט אַנטשלאָפן־ווערן מיט צוויי קאַפּעדיקע ברעמען...
אָט אַזוי פלעג איך שטענדיק דעם טויט צו באַנעמען.
עס וויינט דאָך קיינער נישט אַז סי שטאַרבט אַ פּעטרישקע, אַ רויז,
און צי זיפצט דער זאַמחזייגער אַז נ אַ ך אַ זערנע זאַמד רינט אוים?

5

אַז איכ׳ל האָבן געשטאָרבן וועלן די טעג קומען אָן מיר,
זיי וועלן קומען אין דער צייט פּונקט ווי פריער.
און אַז ערגעץ אַף נאַראַיעווער לאַנעס וועט בליען מאָן,
און אַז אַף נאַראַיעווער ראָט־הויז וועט פלאַמען די רויטע פאָן —

וועט פלאַמען און בליען אָן מיר אויך! עס וואָלט געווען גוט
פונדעסן ווען איך קען געבן אַף דעם אַלעמען כאָטש נאָך איין קוק.
סי וואָלט געווען גוט, ווען טויטע זאָלן קענען קומען
אַף זיין אייגענעם קייווער און אַ שמעק טאָן די בלומען.

נאָר אַזוי ווי דאָס איז נישט מעגלעך, טו לאָז זיין אַזוי.
ערגעץ אין דער וועלט וועט מיך מיסטאָמע פאַרגעסן אַ בלאָנדע
פרוי.
און מיט מיין פּאָנים צו אַ זון־שוימיקער שויב געווענדט
פאַרשייד איך מיך און לאָז די וועלט אַף אייערע הענט.

6

אַ זיבן קראַנקהייטן שלאָגן זיך אין מיר שטילערהייט,
פאַר דעם ווענען עס זאָל דער „קאָוועד" זיין באַשייד
צו זיין דער ערשטער מוישע נאַדירן צו טויטן... —
זיבן קאַרליקלעך בלאָזן פעסט אַף זיבן האַרטע קנויטן.

זיבן קאַרליקלעך — אַף אייגענעם האַרץ דערצויגן,
שטייען מיט די שנעבעלעך און פּיקן מיר די אויגן.
ווער פון זיי וועט געווינען דאָס קען מען נישט זאָגן
נאָר אַלע האָבן זיך מיט מיר ערלעך געשלאָגן!

וואָרהאַפטיק, איך בין אַף טויט נישט גאָר קיין גרויסער קענער.
נאָר דאַכטן דאַכט זיך מיר אַז דער טויט מאַכט קיינעם נישט
שענער,
איך קלער מיר אַז ס׳איז דאָ מער גליק און מער גלאָריע
אין אַ קאַלטן טאָג אין אַ וואָרעם גלעזל ציקאָריע —
איידער אין אַלע טעמפּלען וואָס מי שטעלט נאָך איינעם.
איידער אין אַלע טרערן וואָס אַלמאָנעס וויינען.

טויט און לעבן? צעבראָכענער שטיין מיט שטויב פאַרווייעט
קען דורך טרויער און דורך טרערן נישט ווערן קריק
צונויפגעלייט.

צי וועט אין יאַם פוילן, אָדער אין מידבער־זאַמד טריקענען מיין
געביין?
דאָס איז מיר נישט קיין כילעק, דאָס איז מיר אַלץ איינס.
נאָר ס׳וואָלט זיין גוט נאָך דער רעוואָלוציע זאָל מען אין מיין
מעמאָריע
אַוועקשטעלן אין לאַנג־איילאַנד אַ נייע רויטע קרעמאַטאָריע.

(אין מעספּעט, מיין איך, דאָרט וואו כ׳האָב מיין טאַטעמאַמע ליגן
און וואו די מאַצייווע־שריפטן האָב איך אַליין אָנגעשריבן.
דאָרטן האָט גערעגנט אַזוי שטאַרק — ווען כ׳בין ס׳לעצטע מאָל
געווען,
און כ׳האָב אַף מיין אויפשריפט „מאַמע" געזען אַ נאַס פייגעלע
שטיין).

7

איך קען נישט שלאָפן, לייען איך און איך שרייב.
ווען דער שלאָף וואָלט קומען וואָלט געווען פיל בעסער.
וואָס האָט פון אייגענעם שאַרף דאָס בלאַנקע מעסער?
צי איז דער בלוטגלאַנץ דעם קלינגלס צייטפאַרטרייב?

איך קען נישט שלאָפן, די נאַכט איז גליוּוער־גומי,
ציט זיך לאַנג און גאָל און גאַרנישט היימלעך.
איך רעכן טויזנט מאָל צונויף אַ לערע סומע,
צייל טויזנט מאָל אַף קאהלע קעפּ די שטריימלעך.

„אים, צי גראָד"? כ׳שפּיל מיט מיר אַליין און אויף־און־אָפּין.
פון אַ ווינקל וואַקסט אַרויס מיין שטאָט נאַראַיעוו.
איך שמעק דעם דופט פון לאַנגע לאַנעם האָפּן.
און פון הייסן בראָמפן פריש געברייעט.

עס שפּראָצט אַרויס אַ הויך און דין געשטאַלט,
מיט אויגן אַזוי ווייך און וויציק.

איך גיי שפּאַצירן אין דעם ווינטער וואַלד
מיט מיין לעכטיק־שיינעם פעטער איציק.

און סורטשע שטייט מיט שערימל אין האַנט,
אויסגעפּוצט אין ווייסע נייע האַנטשיך.
איך פאָר מיט איר אַרום פון לאַנד צו לאַנד
און אומעטום איז לאַכנדיק די לאַנדשאַפט.

איך קען נישט שלאָפן, כאָטש איך בין מיד אַזוי,
די קאָמפן ברענען, עס סוויפּטשן קוילנוואָרפער.
אַף אויגן ליגט בײַ מיר אַזאַ מין טוי,
וואָס איז פון בראָמפן ביטערער און שאַרפער.

ס׳איז שלאַף דער גוף, ס׳אויג ווייסט בלויז פון שווייגן,
אין האַרץ די פאָנען נאָר הענגען הויך און פלאַטערן.
אָה, כאָטש דעם לעצטן טאָג אַף באַריקאַדעס פאַטערן,
אָה, כאָטש אין לעצטער נאַכט דעם קאָפּ נישט נייגן.

דער טאָג וועט זיין און איך וועל זיין נישט הי.
דאָך פול וועט זיין די וועלט מיט אייביקייטן;
זאָל מיר באַשערט זיין פאַר מיין האַרטער מי,
צו זען כאָטש ס׳געהאָפטע לאַנד פון וויטן.

8

וואָס נאָך מיר וועט זיין וויים איך נישט.
וואָס פאַר מיר איז געווען איז נישט קלאָר.
איבער אָפּגרונטן אַזוינע כוישעכדיקע
גייסטו דורך די זעכציק־זיבעציק יאָר.

ס׳איז די טעווע: בריקן מוזטו גרונטפעסטן,
שוואַכע שטאַלבעס לייגסטו איין און בויעסט פריש.
כאָטש וואָס פאַר דיר איז געווען עס איז נישט קלאָר,
און וואָס נאָך דיר וועט זיין — דאָס ווייסטו נישט.

כאָטש קנויט איז קורץ און לעבן איז לאַנג,
איז קנויטן־קאָפּ מעכויעוו זיך צו פרייען —

ווען איבער אים די שערל קלינגלעך קלינגען „קלאָפּ“,
און שניידן־איין דעם קורצן פלאָם אָפּ צווייען.

9

אין גאַליציע בין איך געבוירן,
אין מעספּעט, לאָנג איילאַנד, ליגן מיינע טאַטע־מאַמע,
און אליין בין איך נישט קיין היגער.

אין עסטרייך האָב איך געלערנט ליטעראַטור און בוכבינדעריי,
אין פראַנקרייך האָב איך מיינע געליבטע,
און אַליין בין איך נישט קיין היגער.

אין דייטשלאַנד האָב געוואַנדערט און געהונגערט,
באָם נאָרדזועע האָב איך אָפּן טויט געוואַרט,
און איך אַליין בין נישט קיין היגער.

10

וועט קומען דער טאָג, זאָל די האַנט כאָטש נישט ציטערן,
ווי ס׳ציטערט אַ האַרץ אין הינטישער פעל;
און אַז איך וועל פאַלן אין יענע געוויטערן,
ווערט בלייבן פאַרלאָשן אַ שטערן אין פעלד.

איז וואָס אַז נאָך מיר ווערט קומען די אייביקייט?
אַ בלעזל אין יאָם איז מיין לעבן געווען!
געקומען, געפינקלט אין רויטער מינוטקייט,
פאַרגאַנגען, פאַרגאַנגען און מער נישט געווען.

## 11

מיד בין איך. אוי, בין איך מיד.
מיט געבראָכענעם פֿליגל באַ דרערד דרעפּטשעט מיין ליד.
דער זיג איז בלויז נאָך צוויי טריט פֿון דאַנען,
און אין מיר איז בלויז אַן איינציקער טריט פֿאַראַנען.

צו פֿאַלן אַפֿן וועג אַ רעגע איידער זון גייט־אויף —
איז אַוואַדע נישט קיין גוטער סאָף.
ביטער איז צו פֿאַלן אַף גרעניץ פֿון געהאָפּטן לאַנד,
ווי ס׳ביטער צו פֿאַלן אַ דאָרשטיקער באַם ברונענראַנד...

ס׳האַרץ רופֿט. די פֿינגער ציען זיך אַראָפּ, אַראָפּ.
עס פֿייניקט מידע אויגן שלוקערצדיקער לאָמפּ.
מיין לאַנדשטיבל איז קאַלט, מיין אייוועלע פֿאַרלאָשן,
אין ווינקל שטייען צוויי בלאָטיקע קאַלאָשן...

איך גיי אַרוים, אַריין. אין פֿעלד אַרוים, אַריין...
אַ, וועלט, כ׳בין איינינקער אַליין!
פּלוסטערן שניי פֿאַלן צישן ביימער דאַרע,
צו מיין קליינעם שטיבל ציט אַ גרויסע כמאַרע.

כ׳שטעל דעם קאָלנער אויף, וואַרעם מיך מיט מיר אַליין,
דאָס שלוקערצדיקע לעמפּל רופֿט קריק אַריין.
מיין האָפֿנונג רופֿט אַריין מיט שטילן פֿינגערבויג,
אַ מידער גיי איך נאָך מיין גלויביק אויג...

12

ווי אַ דערשראָקענער פונק האָב איך מיך לאַנג געמוטשעט,
ביז איך בין אַ פונק געוואָרן,
און אַז איך האָב ענדלעך ווי אַ פלאַם אַ שלוקעכץ געטאָן, האָט
מיך אַ ווינט אויסגעבלאָזן.
נאָר דאָס איז דעפּיטיזם — און אַ באָלשעוויק טאָר דאָפון נישט
רעדן, געניאַ,
סיידן אַמאָל — — אַמאָל — נאָך דער רעוואָלוציע.
איז ווילט זיך דיר, טאָ רעד אַריין מיין נאָמען אינם ווינט באַם
יאַם-ווינקל
(אין ברייטאָן ביטש, וואו מיר פלעגן אָפּט זיצן)
און דערטרינק אים דאָרטן באַ די קאַלטע, גרויגרינע שטיינער,
וואו איך פלעג רויכערן מיין ליולקע.
און טראַכט פון מיר ווי פון אַ שאָטן פון אַ צוקנדיקן פלאַם.
און טראַכט פון מיר ווי פון אַ שטורעם-באַקצאָן,
וואָס מ׳רייסט פון גרענד-קעניאָן אַרויס,
און טראַכט פון מיר ווי פון אַ פויסט אַ מענטש די גרויס,
וואָס גליעט און ציטערט איבערן קאָפּ פון אַ מענטשן-קוילער.
און דערנאָך ליגט דיזעלבע פויסט (אַ מינוט די גרויס) אונטער
אַ מידן קאָפּ,
וואָס האָט אַרום די מויל-ווינקלען אַ פאַרבלרענטן קנייטש
פון אַ שמייכל און אַ געשריי...

13

אין יובל פון זיג, אין פלאַטער פון פאָנען —
וועט לעבן מיין קאָל, וועט לעבן מיין פּאָנים.
נישט אין קיין אותיות וועט לעבן מיין נאָמען,
נאָר אין אויפבלי, אין אויפגיי פון ערדישע זאָמען.

און אַש פון מיין שאָטן, אַש פון מיין אָרן
וועט זינגען אין רויש פון ערד-מאַטאָרן.

# ביטערער וואָרצל

ביטערער, גרינביטערער וואָרצל פון דרערד,
פעטער, גלאַנציקער, גרינביטערער ערדוואָרצל —
קראָפּיווע־נאָדלען זענען אַף דיינע ניפּלען די גיפּטיקע,
אָ, מאַמע ערד! וועמעס גרינוואָרצלדיקע ביטערע בריסט
צערייסן אונז די ליפּן. און גיפּטיקן די צונג מיט האָניקזיסן סאָם...

אָ, ביטערער קוואַל, קליינער ביטערער קוואַל באַ די ביטערע וואָרצלען,
אין וועלכן דער טויט שפּילט בלוטיק ווי אַן אויגטראָפּן פון אַ וואַסערוואָג,
וואָס קען ס׳גלייכגעוויכט נישט געפינען.

אָ, גרויע, ביטער־גרויע, געדולדפולע, שטילע, גרויע, ערד —
באַ דיינע ביטערע וואָרצלען קאָפּן מיט פייער שטאַרבענדע גלאָוניעס...
פאַררויכערטע פאָן קאָרטשעט זיך אין ווינט פון יעסורים,
און פון ביטערן וואָרצל טריפט ביטערלעך בלוט —
דאָס בלוט פונם צאַאר פון וואַקסן...

אָ, ביטערער גרינביטערער וואָרצל פון דער ערד!
באַ די שפּיץ פון דיינע פאַנג־נעגל ליגן מיר אַלע מיט ליפּן פאַרשמאַכט —
נאָך דער וואַרעמער ביטערקייט פון דיין זאַפט.
באַ דיין גוזיקער קראָפּיווע ליגן מיר און זויגן צייטס ביטערן סאָם
פון דיינע קאָרטשעס אַרויס,
(ווי איינער זויגט דעם שלאַנגענגיפט אַרויס פון זיין קאַלטעס פּוס)
אַקעגן דיינע וועלדער, אָ, גרינביטערער, מיליאָן־צווייגיקער ביטערער וואָרצל
ווערן מיר זיך מיט העק...

און אַז דו ווילסט אונז דערטרענקען אין ווילדע גראָזן —
צינדן מיר דיך פון אַלע זייטן און טאַנצן דעם טאַנץ
פון די ווילדע...
פעטע פּאָוויטינע-רעדער ליגן באַ די גרינבּיטערע וואָרצלען,
פעטע שפּינען דרייען זיך אין פעטע שפּינוועבּס-רעדער
ווי זונטיק-לייט אַפן „פּערים ווהיל" אין קוני איילאַנד...
טיף ביז אונטערן טיפסטן פעלז גראַטשען דיינע שטעכעדיקע
נעגל!

אָ, ביטערער, גרינביטערער ערדוואָרצל!
ווי אין לעבעדיקע איינגעווייד פון אַ שטומגעבוירן קינד
אַף אייביקייטס קניע פאַרלוירן,
ליג איך באַ דיינע צווייג-נעצן, אָ, ספינקס, פון ביטערן,
גרינביטערן וואָרצל,
רו איך אַפן קאָפּ פונם פעלז, וועלכן דו נאָגסט אייביק פון
אונטן,
וואַרף איך מיין קוש צו דיר, אָ, אייביקייט גלאַנציקע,
ביטערגלאַנציקע אייביקייט פון ביטערן וואָרצל...
און איך אַליין — ווי אַ פייל — פלי-נאָך מיין קוש.
און אַהן צו דעם אָפּקלאַנג פון מיר אַליין,
דעם הענגנגעבליבענעם קרעכץ פון מיר אַליין,
נאָכדעם ווי איך בין אין די אָפּגרונטן צעשמעטערט...

## ש ט י ל ק י י ט

כ׳האָב אָפּגעשלאָסן אין זיך אַלע טירן,
אַראָפּגעלאָזט אַלע שטאָרן,
פאַרשטעקט און פאַרמאַכט אַלע קלאַנגגרינעם,
אָפּגעשניטן אַלע סטרונעם
אַף וועלכע ביידע באַוואוסטזיינס מיינע שפּילן...
איך האָב אַלע, אַלע , אַלע שפּעלטעלעך פאַרזיגלט,
אַז נישט אויסהויכן זאָל זיך קיין שום טאָן-קאָליר,
קיין שום ריר, קיין שום שפּיר
פון עפּעס לעבעדיקס, פּולסירנדיקס...
איך האָב מיך פאַרמאַכט אַף טויזנט שלעסער,
און אַלע שליסלען אַריינגעוואָרפן —
מיט פאַרמאַכטע אויגן אין דער טיפער, גליווערדיקער
פינצטערניש אַריין —

פון אַ נאַכט
וואָס האָט שפּינוועב.פּולע הענט
פון פאַרפרוירענע שוועבלפלאַמען.
איך האָב אַלץ, אַלץ, אַלץ אַרויסגעטריבן פון זיך
איך האָב אַלץ, אַלץ, אַלץ אַרויסגעשראָקן פון זיך.
מיט די ווערטער : „דער טויט גייט“, קעדיי
דינער, שרויפיקער און שפּיציקער צו ווערן.
קעדיי דינער און שפּיציקער צו הערן,
וואָס אַפן דנאָ פון צעקלויצעניש פון איך-וועזן
זאָגט זיך,
שלאָגט זיך אָן אָן די שליימיקע, געשלייפטע
מיט וואַלדהאָר באַוואַקסענע ווענט פון מיין אור-נעפעש,
קעדיי צו זען ווי עס פלימערן די ווייסגעפרוירענע,
פרישע שטרויערלעך, אַף מיינע כעשווענדיקע שליאַכן,
פאַרזיגלטע מיט פּראָסטיקע זיגל-רינגען
און באַהויכט מיט קאַצנוואָנטשעלעך פון ערשטן שניי...
איך האָב מיינע טירן-פענצטער
באַשוויגן מיטן דעם וואָרן שוויגן,

אים די הענגיקע פלײשלײפֿן דורכגעלעכערטע מיט קופּערנעם שלאָס,
און אָנגעזאָגט צו די קאַפּנדיקע טראָפּנס ליפּנבלוט נישט אויסצוזאָגן גאַרנישט...
און אַז איך האָב מיך ביז צום דנאָ, פֿון זעלבסט־דערקענטעניש אויסגעלאָשן, —
אײנגעטויבט, אײנגעפּעסטיקט, צונויפגעשרויפט צום לעצטן פּיצל נעפעש־כאַי

וואָס איז מײן יאָדר,
האָב איך מיטאַמאָל דערפילט אַ זינגעוודיקע לעכטיקײט,
אַ קרישטאָלענע, גאָלדענע, ראָזבלויע פלוערעסענטע לעכטיקײט
אויפגײן אין מײנע פּאַרטזונקלונגען, הויט־האָר־קעמערלעך,
דינער ווי ברײט און אָן אַ שיר ברײט, ברײט, ברײט...
ווי אַ טײך אַ גײענדיקער פון באַלויכטענעם גענאָד...
האָב איך דערהערט אַזאַ מין גערויש ווי פון פאָנען אינם ווינט — נײן

ווי פון שאָטנס פון פאָנען — נײן,
ווי דער דופּט פון שאָטנס פון פאָנען.
האָב איך אַזוי אָנגעשפּיצט די אינעווײניקסטע שפּיר־פעדעם
פון מײן האַרץ־אויער דאָס אוראַלטע פול מיט וועלדער
און מיט מאַלפעס, און מיט האָריקע נים און מיט הײסע גרינג־בלײזלדיקע זומפּן, וואו

עקדישן געניצן מיט צעלאַבערטע, הימלפערעסנדיקע אויגן.
האָב איך אָנגעשפּיצט אַפן האַלבראָד פון אָדערנפּאַלנבויגן
אַזאַ פײל וואָס לויפט נאָך איר געזאַנג מיט אַ בליאַסק...
צו הערן דאָס קוים־קוים־קוים־צו־דערהערנדיקע:
דעם רויש פון שאָטנס אַף בערג פון פאַרפרוירענעם כאָלעם.
און אַז די ווילדע גאַנז האָט אַף דעם האָנס אָרט —
אַ גרילץ געטאָן מיט „גוט־מאָרגן“,
האָב איך מיך אויפגעוועקט און דערזען
דאָס מענטשנפאָלק ווי אײן מענטש, בײדע פיס געגלידערט אין שטאָלענע נולן.

צוגעקאָוועט צו דער וועלט ווי צו אַן אײזנבאַלן
און צו אַ לאַבן ברויט ווי צו אַ קופּע בראָנז...
מיט דער זון אַפן האַלז ווי אַ פלאַמראָד וואָס צײנערט

פאַרבײַסן אַרום האַלזענאַקן...
און ס׳איז פאַרגעקומען אַז איך האָב געזען דאָס מענטשנפאָלק
ווי אַ גוואַלדיקער ריזנריז
געפּענטעט מיט ביידע פיס צו ברויט און וועלט.
און ס׳איז פאַרגעקומען אַז איך האָב געזען
די טרערן פון דעם ריז געבונדענעם איבער הענט געקאָוועטע
צו פיס געקאָוועטע, געקאָוועט צו ברויט און צו וועלט,
און די טרערן האָבן זיך געקייקלט פאַרשטילטע ווי האָגלשטיין
פון אַ באַרג,
און די טרערן זענען גערונען שטיל איבער די
שפּאַגאַטענע אָרעמס אָנגעשטייפט אין יעסורים גרויסע,
אומדערטרעגלעכע,
און די־אַ טרערן האָבן געשלאָגן ווי האָגל, —
ווי האָגל אַף אַ פעלד פון אייערשאָלעכצענעם שפּיגלגלאָז...
און ס׳איז פאַרגעקומען, אַז איך האָב געזען ווי באַ אַזאַ־אַ
זשמעניע שפּיגלגלאָז־שערבלעך איז געשטאַנען אַ פרוי אין
איידלשוואַרץ
און זיך געשפּיגלט איר שקרויפּליווע פּאָנים — די קונסט...
און עס איז פאַרגעקומען אַז זי האָט געפּרוּוט אַרויסשטעלן
אַ שיקאַרנע שמייכעלע פון איבער די ציין
אַף די ליפּן אַרויף, און פון די ליפּן צו דער נאָז
ביינערדיקע, סקעלעטענע, מיט אָפּגענאָגטן פלייש, און צוויי
אויגן פאַרפוילטע.
נאָר דער שמייכל האָט אַוועקגעכאַלעשט אַף די דעגענערירטע
ציין:
(ווי אַ קעצל אַ פאַרמוטשעטס מיט שאַרפע קרילעס פאַלט אַראָפּ
פון אַ שליימיקער וואַנט!)
און ס׳איז פאַרגעקומען אַז דעמאָלט האָט מיין נעפעש
דערוואַכט,
אַרויסגענומען דאָס געוואָפנטע האַרץ פון דער שייד, וואָס איז
ליבע
געמאַכט דערפון אַ רויטע גלאָווניע
און עס אַוועקגעוואָרפן צו די פיס פון מענטשנפאָלק
געפּענטעטס...
און אַ פלאַם איז אויפגעגאַנגען ביז צום הימל,
און דער פלאַם האָט געטראָגן אין זיך רויך,

און דער רויך האָט געטראָגן אין זיך דאָס אָוועקגעוואָרפענע הארץ,

וואָס איז אויפגעגאַנגען אַפן קרעם פון אַ באַרג,
ווי אַ וויינענדיקע,
בלוטענדיקע,
פלאַמענדיקע פאָן...

## דאָס האַרץ איז אַ פֿאַנצער

אַז איך זיץ אין דער קאָלירטער סעפּטעמבערזון פֿון די קעטסקיל־
בערג
פֿאַלט אַראָפּ דער אייזפֿאַנצער פֿון מיין האַרץ.
און דער פֿאַנצער, וואָס אין זון, טוט זיך אָן אַף מיר.
ווי אַ העמד פֿון דינסטן, דינסטן גאָלד.

גאָלדפֿאַנטאָפּלדיקע רעגנס גליטשן זיך שטיל,
שטאַרבן, גייען אויס,
ווי קינדער־קלאָונען אין אַ צירק פֿון פּערלמוטער.
שפּרינגען פֿון די טרעפּ,
צעבראָכן זיך די קעפּ,
די שאַרבנס,
און שטאַרבן.

דער טויט איז גוט צום וואַלד
ער דינט אים צו מיט שיינע פֿאַרבן, מיט וואוילע רייכעס,
אַ קופּע מיט כאַלוימעס אָנגעשאַרטע, זיס־פֿאַרדאַרטע,
עס פֿילט זיך פֿון דעם וואַלד דער שמעקעדיקער טויט . . .

אַז איך בין שוין טיף אין פֿורעמדיקן טשאַד
פֿון קאָלירטע שמעלצענדיקע לעכט פֿון ביטערזיסן אָסיענטאָג,
דערפֿיל איך פּלוצים — פֿראָסט.
דערפֿיל איך ווי די זון ווערט נידעריק.
דערפֿיל איך ווי די קאַלטע שאָטנס לויפֿן אָן אַף מיר
פֿון טויזנט פּעסטונג־לעכער,
דערפֿיל איך ס׳לעשט זיך אויס די וועלט באַ מיר צוקאָפּנס,
דערזע איך דעמבע־בלעטער אַף דרערד
ווי טויטע הענט פֿון קעמפֿנדיקע קינדער.
פֿאַלט אַראָפּ פֿון גוף דאָס גרינגע העמד,

וואָס איז אַ פֿאַנצערשפּענצער
פֿול מיט זונענשפּאַנגלען.

און ווידער הער איך קייטן קלינגען פֿון דעם שווערן
אייזנפּאַנצער וואָס טוט זיך אָן אויף מיר קאַריק.
און ווידער איז מיין ברוסט אין קאַלטן אייזן
און ווידער בין איך גרייט
מיט שווערד אין האַנט דעם פֿיינט באַגעגענען.

# דער אַלטער סופליאָר זאָגט

(פון קעסטל אַרויס)

1

איך בין דער סופליאָר, דער אונטערזאָגער.
איך בין דער לעץ, דער פּראָזע-אונטערטראָגער,
וואָס ליגט באַהאַלטן אין סופליאָר-קעסטל דעם קאַלטן.
מיך זעט איר נישט, כאָטש איר הערט מיך אָפט.
איך קאָן דעם גאַנצן בלאָף
פון אָנהויב ביזן סאָף.

איך קאָן די אַקטיאָרן (איינעם מער, איינעם מינדער),
אַ טייל פון זיי האָבן שוין עלטערע קינדער.
דער קאָמיקער, דער טראַגיקער, דער פּרימאַדאָן,
אַלע זיינען זיי פון דער „גאָלדענער פּאָן",
(ביפּראָט די „אַל-געטלעכע פּרימאַדאָנע",
וואוהין זי גייט — גייט איר נאָך די לעוואָנע!)
דאָ גלאַנצן זיי אַלע ווי נייע סאַמאָווארן,
פירן אַ קעניגלעך הויף, מיט הויפּלייט און מיט האַרן.
אַלע זיינען זיי קינסטלער פון גאָטעס גנאַדן,
אַלע האָבן זיי געקענט פּערזעמלעך — אַברהם גאָלדפאַדן.
דאָך אינדערהיים זיינען זיי אָרעם, קראַנק און שטערבלעך,
און אָפט פעלט אויס די דרייסיק-פערציק קערבלעך
(אַף ברויט און דירע-געלט מיסטאָמע,
ווי אין ז. ליבינס אַ מעלאָדראַמע).
איך זע די שפּיל פון דאַנעט-אָ, פון קעסטל.
איך קאָן זייער גוט דוד קעסלער,
איך קאָן מאָרים שווארץ, איך קאָן מאַלי פּיקאָן —
און די אַלע אַנדערע דאָרטן, וואָס טוען די וועלט באַגליקן.
איך ווייס: מי נאַרט דאָ אָפּ.
נאָר אַז מי נאַרט-אָפּ איז גוט.
שלעכט איז: אַז מ'נאַרט-אָפּ, אַז מ'נאַרט-אָפּ!
אָך, מיר דרייט זיך שוין דער קאָפּ
פון מיינע ביטערע אַפּאָריזמען.
נאָר ווי זאָגט איר: אַז מי מיז — מיז מען!

איך קען דעם קיניג, ער „לײדעט" פֿון מערידן
(די קעניגין איז מיט אים זײער נישט צופֿרידן!).
כ'קען דעם פּרינץ. אין װאַכנדיקן לעבן הײסט ער „פּישקע".
איך קען דעם נאַװי: ער האָט זײער ליב געפֿילטע קישקע!
איך קען די סובּרעטקע, װאָס שטיפֿט מיטן קעניגל,
זי האָט שױן אַן אױסגעגעבן אײניקל!
כ'קען די כאָריסטן — די שטומע באַקעס.
מיט אײנעם װאָרט: כ'קען דעם גאַנצן האָקעס־פּאַקעס!
איך קען די שפּיל, איך קען די מאַסקע.
יעדער האַלט זיך גרױס, יעדער גיט אַ טראַסקע —
מיט פּראָזע, דעקלאַמאַציע און פּאָמפּ.
נאָר איך אײנער ליג דאָ װי אַ גלאָמפּ.

### אין נוסעך

קען ברענען און ברען נישט.
קען ליכטן און ליכט נישט.
איך בין אַ טרוקן, עלנט קנײטל.
אַף אַ פֿרעמדן קאָפּ בין איך אַ שײטל.

### אַנדערש

איך קען די פּראָזע פֿון שעקספּיר, שמ"ר און לאַטײנער:
זײ ליגן מיר שױן אַלע אין די בײנער!
שױן דרײסיק יאָר װי איך פּאַטשקע מיך אין שטױב
פֿון אַלטע קסאַװן, אַלטן װערטער־דרױב.
װי פֿאַוסט זאָגט: „היר שטײ איך נון, איך אַרמער טהאָר!"
איך שטײ דאָ איצט פֿאַר אײך — אַ פֿאַלנער אַקטיאָר!
װי גאָרדין זאָגט: „גענוג געליגן אין אַ פֿרעמדער דירע.
גענוג צו זײן אַ רױע־װױנע־נירע".

### פּאַטעטיש

דרײסיק יאָר! אין יעדן יאָר 365 מעסלעסן.
מײנע ליבע פֿרײנט, איר טאָרט דאָס נישט פֿאַרגעסן.
30 יאָר, אַז מײן מױל רעט נישט, װי אַ מילכל.
30 יאָר, מײנע פֿרײנט, איז נישט קײן שפּילכל.
אָבער איצטער שטײ איך אַף אַ נײער שװעל.
װי שעקספּיר זאָגט: „אָל דהאַט ענדס איז װעלל".
איצט בין איך אַ מענטש, מיט מענטשן גלײך.

איך בין אַ פּובליקום גלייך מיט אייך:
אַ כאַשעזיִ באַ דעם אַזוטער, באַ דער קאַסע.
איך בין פאָלק! איך בין מאַ—סע.
זאָגן אייך דעם עמעס? איך בין דאָרשטיק, הונגעריק נאָך ערע,
פאַר די אַלע יאָרן, די פינצטערע, די שווערע.
כ׳בעט אייך, האָט איר שוין איינמאָל באַצאָלט די בלוטיקע פאָר סענטן,
טאָ צאָלט מיר אויך מיט צוויי־דריי אַפּלאָדיסמענטן.

מיט געבעט

מיינע הערן! וואָס קאָן אייך שאַטן? וואָס קאָן אייך אַרן?

מיט צעשפּרייטע הענט

ברידער, איך בין גרייט זיך צו לאָזן נאַרן!

צי, האַ? עפּשער פּאַסט דאָס נ׳שט פאַר קיין העלדן־ראָל?
עפּשער זאָל איך גאָר פאַרענדערן מיין קאָל?
און זאָגן אַף אַ טאָן אַ באַסאָוון, אַ פּרומען:
„דערלאַנגט מיר אויך אַ בעזימל מיט בלומען!”
צי עפּשער גאָר זיך שטעלן, אַזוי ווי ענקער
ליבלינג, באָרים טאָמאַשעף, דער דענקער,

שטעלט זיך אין אַ פּאָזע פון אַ „דענקער”

און רעדן צו די הימלען, צו די שטערן,
מיט האַרץ און מיט נעשאָמע און מיט טרערן...
אַ וואָרף טאָן מיט די האָר און מיטן זעבל
אַזוי ווי אונזער העלדישער מאַקס געביל,
ווען ער רעדט אַמאָל
צו זיין אייגן פאָלק איסראָעל?

פלאַקערט־אויף

אַ מענטש ווי א י ך! מיט מ י י ן טאַלאַנט! און מיין געוויקס!
איך טרעסע דאָך אַרויס פון אַרבל מיכל איקס און מוישע מיקס און לודוויג דריקס!

נאָר וואַרט, ווי קאָן דען זיין אַ שפּיל אָן אַ סופליאָר? אָן מ י ר?
ווי קאָן דען זיין אַ קליאַמקע אָן אַ טיר?
אָ, עפּעס גרויזאַמעס וועט דאָ היינט ובאַנאַכט געשען.
איך גיי אַוועק. זאָלן מיינע אַלטע אויגן דאָס נישט זען!

דערמאָנט זיך עפּעס

יאָ. איקער שאַבאַכטי: עס זיצט דאָ אין טעאַטער —
מיין אַלטע מוטער, מיין גרייז־גרויער פאַהטער.
ביידע זיצן דאָ אין דיזע מאָמענטן
אָן שעפּן נאַכעס פון די אַפּלאָדיסמענטן.
דאַפאַר בעט איך אייך אין מעלאָ־דעקלאַמאַציע:
מיר צו מאַכן נאָך אַ גרעסערע אָוואַציע!...

2

...דאָס, וואָס איך האָב אייך צו דערציילן, איז בעסאָד־סוידעס.
ווי זאָגט איר, מיינע פריינדע, וואָס שענער אַ מויד איז,
וואָס מערער גאַרט מען נאָך איר ערע.
אַזוי איז אויך די זאַך מיט אונז סופליערע.
מיר הערן אַ סאַך, מיר זעען אַ סאַך,
נאָר ס׳איז אָנגענומען באַ אונז אין צאַך,
אַז אַ סופליאָר דאַרף נישט נאָר אונטערטראָגן דראַמעס,
נאָר ער דאַרף אויך זיין אַ שטיקל שאַמעס.
ער דאַרף אָפּהיטן מיט אָן אייזערנער פּרענטע
דער סטאַריכעס „דאַלטשע פּאַהר ניענטע״.
אויב אַ פּיעסע פאַלט כאָלילע דערך באַ סאַמע אַקדאָמעס,
שיטן זיך אַף מיר קלאָלעס און כאַראָמעס...
איך בין ס׳קאַפּאָרע־הינדל אַז געשעפטן גייען שלעכט.
איך שטרעק אַליין אויס דעם האַלז און זאָג: „נאַ, שעכט!״
איך בין מעכויעוו צו קאָנען דערשמעקן לויטן סלוך,
ווען דעם סטאַרס ווייב קומט אַף אַ באַזוך.
איך דאַרף פאַר אים זאָגן ליגן, ברעשן ווי אַ הונט,
איך דאַרף זיין דער יאַכן־פּלאַסטער אַף זיין וואונד.
און טרעף איך אים אין אַ פּריוואַטער ליבעס־סצענע—
צי איך מיך קאַריק. זאָל ער זינדיקן. פּרי מעני!
פאַרקערט: איך כאַפּ נאָך אָפּט אין אַזאַ מאָמענטל

אוּן פֿאַרשטעל זיי ביידע מיט אַ שפּאַניש ווענטל.
ווייל ווער בין איך? אוּן וואָס? אוּן וועמעס?
כ׳מיין.. דאָס איז דאָך דער ריינער עמעס.
איך בין נישט קיין אָ נ ג ע ז ע ע נ ע ר מענטש באַם אוילעם.
איך בין דער שטילער, אַלטער קעסטל-גוילעם...
מיין הימל איז אַ קליינער און... פֿוּן ב ל אַ ך,
כאָטש „שטערן" דרייען זיך אַף אים אַרום אַ סאַך!
איך האַלט מיין נאָז באַם קינסטלערס פּוס קעסיידער,
און פֿיל דעם טאַם פֿון שוועבלדיקע וואַרים-בעדער.
אַ מענטש, מישטיינס געזאָגט, אַ קנעכט באַ אַן אַקטיאָר
און אַקטעריצע.
אַ מענטש, וואָס לעבט אין פֿינצטערניש ווי אַ פּיטשעריטשע.
איך זע די קינסטלער אין פּאַנטאָפּל, אין די גאַטקעס —
איך קען פּריוואַט די אַלע אַלטע קוראָפּאַטקעס.
(זיי בלאָזן זיך ווי אינדיקעס און יונגע טויבן.
נו, מיילע, זאָלן די, וואָס גלויבן — גלויבן!).
איך קוק אַרויף צו יעדן פּורצעוואַטן קעניג-ליר,
און יעדער פּורצע קוקט אַראָפּ אַף מיר.
נאָר ווי זאָגט שילער: „צום ערגסטן טונקלען מיינע
זעעלן-שויבן".
ווען איך דאַרף סופּלירן צו׳ן אַ סטאַר אַ טויבן,
איך שריי, איך מאָרדעווע מיך, איך סופּלירע,
און ער, דער אַלטער באָק פֿון שושאַן-האַבירע —
ער שטייט, כאָטש מעלק אים אויס. די אויגן מאָנען.
און פּלוצלונג טוט ער מיר אַ קאָפּ אין פּאָנעם
מיטן שפּיץ פֿון זיינע זילבערנע שיך —
עס נעמט אַ שטיקל צייט איידער כ׳קום צו זיך.
איר׳ט גלויבן, צי ניין? עס דערגייט שיר-שיר...
נאָר וואָס זאָל מען טוען, האַ? מ׳איז אַ סופּליער.
שריי איך אַרויס פֿון באַקס: „שטאַרבט, מר. עקס... שטאַרבט
דאָרטן — לעבן דער גראַטע".
און יענער קוקט מיך אָן אַזוי בעהיימעוואַטע.
און ער דערהערט, אַז איך הייס אים שטאַרבן —
קומען אים אין שמינק אַריין אַלע פֿאַרבן.
(ער ווייסט נישט, אַז דאָס זאָג איך אים פֿון טעקסט אַרויס,
דאַפֿאַר איז זיין רעציכע אַזוי גרויס!).
ער בלייבט פֿאַר דעם סופּליאָר-קעסטל אַ רעגע שטיין

און שרייט צו מיר אראָפּ: „דו שטאַרב אַליין!"

3

אין יענע יאָרן — כ'ווייס נישט צי געדענקט איר
(איך זע דאָס אַלעס ווי דורך אַ שטויביק פענצטער)
די טעג פון אַלטן טהאַליאַ-ווינדזער,
די טעג, ווען דער גרעסטער עקטער, אינדזער
איין-און-איינציקער דייוויד קעסלער
פּלעגט שפּילן אין דער פּיעסע „טיסאַ עסלאַר".
די טעג פון יאַקאָב אַדלער — דער אַדלער אונזערעס פאָלקעס,
די טעכטער פלעגן אים פּוצן, ווי קינדער פּוצן יאָלקעס!
טעג פון יענע גרויסע צווי זיגמונדן —
פיינמאַן-מאָגולעסקו. עס פלעגן וואַגאַבונדן
זיך פּאַטשן אַף דער גאַלערי, גיין אַף מעסער
באַ דער פראַגע, ווער פון אָט די זיגמונדס עס איז גרעסער.
אונטן איז געווען אַ באַר, מיט ביר, מיט שנעפּסלעך,
דאָ פלעגט מען עסן „לאָנטש" און לאָזן גרעפּצלעך —
שאַבעס נאָכן קוגל און פרייטיק נאָך די פיש.
עס האָט זיך אָפּגעטון אַף בענג-נאָך-טיש!
דאָ פלעגן קריטיקער זיך וויצלען, מאַכן „עטש",
דאָ פלעגט מען כאַפּן, אָדער געבן פּעטש.
דאָ פלעגט מען קעמפן, פאַלן און זיגן
און איבערשרעקן אין די קופּליעס ביר די פליגן.
אַ צייט געווען פון גלעקלעך און פון טראָלדן,
אַ צייט געווען פון אָריגינעלע יאָלדן.
אַ צייט, ווען טאָמאַשעפסקי פלעגט זיין אַ גאָט, אַ גאָטל.
ער פלעגט צו ריידן דייטש: אָנשטאָט צו זאָגן „מאָטל" —
פלעגט ער זאָגן „מאָט-על", מיט אַ קוועטש אַף דער „על",
און מיט אַ קייזער-קעניגלעכן שטעל.
ער פלעגט צו טראָגן שפּאַנגע-טוניקלעך, רעגאַליעס,
און פלעגט באַפּעפּערן זיין פראָזע מיט „אָה, קאַנאַליעס!"
און שטענדיק פלעגט ער שפּילן בלויז „צו גינסטן
דעם פאָלעק". עס פלעגן נעבעך אונגאַרישע דינסטן
קרעכצן, לעכצן נאָך אַ קוש פון זיינע ליפּפּען,
נאָר מי האָט זיך נישט געקענט צו אים דערשטיפּפּען!
אַ צייט געווען פון גלאַנץ, פון שיינעם זשעסט:

מי גאַסטראָלירט אין וויען, אין פּראַג, און בודאַפּעסט.
אומעטום — פֿון ניו יאָרק ביזן עקוואַטער —
צערייסט מען פּאַשעט דאָס טעאַטער.
אומעטום בלומען, וויין און נאָך עפּעס דאָרטן,
וואָס סי פּאַסט נישט צו באַשרייבן מיט געניטע וואָרטן.
וואו מי קומט, שפּאַנט מען אויס די עקטערס און מ׳טראָגט די פערד.

פּטו זאָל דאָס ווערן! איך מיין — פאַרקערט.
כ׳געדענק די צייט פון „עסטער פון עין-גדי״,
ווען יעדע נאַכט (אַרום זייגער אַכט) פלעגט די לידינג-ליידי,
די שיינע און די געטלעכע פרוי קאַליש
אַנידערפאַלן אַף אַ קישעלע און טון אַ כאַלעש.
און לעבן איר פלעגט שטיין פאַרציטערט דער דירעקטאָר.
עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט-אָט עקט ער.
און בעטן פלעגט ער זיך מיט טרערן אין די אויגן,
דעם צילינדער אַפן נאַקן און זייער טיף געבויגן:
„אָ, ליידי, ט י י ע ר ע ליידי,
איר זענט די איינציקע עסטער פון עין-גדי.
שפּילט איר — איז גוט, איז ברויט מיט שמאַלץ,
עלע נישט כאָלילע...״ (דאָ ווייזט ער אַפן האַלז).
עך, אַ צייט געווען. אַ צייט, אַ צייטל.
מי מעג שוין שטעלן נאָך דעם אַ קנאַפּטל!
דאָס זאָגט אייך אַ סופליאָר, און נישט קיין נאַר —
וואָס קאָן דעם גאַנצן אַלטן רעפּערטואַר.

געווען. נישטאָ. היינט איז אַ נייער מוישעו, אַ נייער חיים.
ווי אין תהלים שטייט: „עיני, עיני, יורדי מים...״
נישטאָ די צייט פון הויכע היט, און פעלערינע —
די זון אַליין פלעגט צוקוקן מיט קינע,
פלעגט גלאַנצן אַף די שטעקנס מיט די גאָלקעס —
די עקטערס — ווי מעלאָכעס, די עקטערקעס — ווי מאַלקעס...
די צייט פון פיינמאַן, צוקערבערג און רודאָלף מאַרקס!
היינט קען איך אַן אַקטיאָרשטשיקל אַ קאַרגס,
וואָס נעמט זיך מיט צו פּראָבע אַ „סענעוויטש״, צי צוויי,
אַ זויערע אוגערקע, אַ האַרט-געקאָכטע איי.
מאַנטיק אינדערפרי כאַפּט דאָך שיר דער שלאַק אים,
איידער ער דערטראָגט אין שפּאַרבאַנק די מאַמטאַקעם.

(געוויינטלעך שפּאָרט ער יעדע וואָך אַ הונדערט-פּופציק קאַרבן.
יענער לעבט אַ האַלבע וואָך פון... שטאַרבן.
די אַנדערע העלפט לעבט ער פון דער פּיאַנע.
וואָס שייך געלט — מאַכט ער אַלעמען אַ וואַנע!...)
וואָס שפּילט מען היינט? ! וואָס הערט מען אין
אַנטראַקטן?
אַפילו נישט קיין סעמיטשקעס היינט קנאַקטן!
אַוואו סופליאָר? און ווען סופליאָר? און ווער סופלירן?
וואו האָט איר היינט די נויטיקע זעקס טירן —
וואָס אַ פּיעסע דאַרף צו האָבן צו סוקסירן?
וואו הערט איר היינט דאָס פיינע דעקלאַמירן
פון לאַטיינערס פּראָזע, ברוין און מערפּקע?
היינט איז קונסט און שמונסט און ווערטער טערפּקע!
היינט איז קרומער דאַשיק, הויזן טאָפּלפּאַרביקע און קורצע.
הונדערט טרעפּ. אויף יעדער טרעפּ — אַ פּורצע.
און הענט ווי האַקמעסערס, און בינע פול מיט לייכטער,
אַ דיבעק איז אין „סטיידזש" אַריין, איז פרייכט ער...
ס'איז מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף,
ס'איז, כ'בעט איבער יעדנס קאָוועד, — בלאָף!
נאָר מאַ. געוועזן. נישטאָ. מאַ נאָימאַר? מאַ נעדאַבער?
כאָטש רעד צום בינע-קאַנדעלאַבער!
נעמט היינט אַ פּיעסע אינם דריטן אַקט אַשטייגער
(ס'איז דער רועך ווייסט וויפיל שוין דער זייגער!)
קאָנט איר אָפּט לעמאַשל הערן,
ווי בערל-מאיר שרייט צו מאיר-בערן:
„נעמט אים צו, וואָרין איך דערשטעך אים!"
נו, פרעג איך אייך? איז דאָס נישט — פּניעכם?
און וואו איז אַהינגעקומען דער אינטריגאַנט — אַוואו?
וואו איז אַהינגעקומען דער פּייף-פּראַטעסט, דאָס מאַכן „בוה!"?
די צייט פון פינטעלע איד. פון גאָלדענעם מאָגן-דאָוועד,
וואָס האָט אָנגעטאָן אויף אונזער קאָפּ אַ קרוין פון קאָוועד.
געוועזן אַ צייט פון „דאַנער", פּראַכט און קנאַל!
ווען יעדער סטאַר פלעגט האָבן טאָג-טעגלעך אַ סקאַנדאַל
(אַ כוץ שאַבעס, זונטיק מאַטיניי,
דעמאָלט פלעגט האָבן צוויי!).
נייע צייטן, נייע אָדלערס, נייע דראַמעס.
נישטאָ שוין היינט אַמאָליקע רעקלאַמעס:

„נויעס, נויעס, ווידער נויעס,
דער באַרימטער קינסטלער דר. יאַקאָבי
אויס לאָנדאָן, אין איינער גראָסען קאָמבינאַציאָנס
גאַסט־ראָלען־מאַטינײ !"
היינט איז אַלעס אַנדערש. אַפילע די אַפּישעס.
מיר דאַכט זיך, אַז סי ליגט אין דעם אַ שטיקל רישעס —
אויסצוזלאַכן פון דעם אַלטן טעמפּל, פון דער בינע,
וואָס געדרועט האָט אַף אים די שכינע.
עמעס, מיט עלעקטרישע עפעקטן —
באָט, מאַי גאַד, וואָס קאָן מען דען עקספּעקטן
פון אַ פאָלק פון איציקס און נאַפּטאָלעס,
אַ פאָלק, וואָס איז באַ זיך אַליין אין גאָלעס ?
אַ פלעינעם פאָלק, וואָס ווייסט נישט ווי צו נוצן נאָך קיין
הענקיטשעס,
אַ נאַציע אַ שרעקלעכע אַלט־פרענקישע ?

נעמט, לעמאָשל, אייער אַרבעטער־טעאַטער, דעם „אַרטעף" —
וואָס האָט ער פאַר אַ קונסטלעכן באַטרעף ?
אַ פּיעסע „באַ דעם טויער" פון איינעם ביינישׂ
שטיינמאַן. כ'הויב נישט אָן באַגרייפן, עך פאַרשטיי ניש,
ווי רופט מען אַ טעאַטער גאָר אַף ראָשע־טייוועס ?
ווי שפּילט מען דאָס אָן מוזיק און אָן בראָדוויי־נעקייוועס ?
און סטאָס דער קאָמיקער פון אייער דראַמע —
ער זאָגט אַפילע  א י נ מ אָ ל  נישט „זדאָך אַ מאַמע !"
ער פאַלט נישט אַף דער שוועל, טרינקט נישט קיין לעכאַיעס, —
נאַטייך פאַר דער גאַנצער פּיעסע זיבן פייעס !
עך־הע־הע ! ווי זאָגט מען דאָרט באַ איזידאָר לעשן ?
געווג אומזיסט די צונג צו דרעשן...

אָדער גאָר... איך בעט אייך, האָט נישט קיין פאַריבל,
וואָס איך ווענד מיך צו דעם סטיל פון ביבל.
יאָ, אַף ברוקלינס בריקן היינג איך אויף מיין קעסטל.
ס'איז אַצינד די צייט... פון מייערכאָלדס אַ זשעסטל.
ווי ס'איז אומעטיק אין אַ רוסישער דערעווניע,
אַזוי איז אומעטיק אַצינד אַף סעקאָנד עוועניו.
ס'האָט זיך אָפּגעטון די הייליקייט פון אונזער טעמפּל.
אָך, נידעריק ברענט דער נאַפט אין אונזער לעמפּל !

יאָ, ס'איז אָפּגעטון דער גלאַנץ. אַנטשולדיקט וואָס איך קרעכץ.
איך ווינטש כאָלילע קיינעם נישט קיין שלעכטס.
נאָר איינס קאָן איך אייך זאָגן, מר. משה נאַדיר,
ס'איז היינט אַ נייע צייט? אַוואַדע און אַוואַדע!
איך לייקן דען? ניש מער: וואו זעט איר היינט די
גאָלדענע צייטן?
כ'מיין... נאָר אַנטשולדיקט, עקסיוז מי... קוירטן!

4

די סצענע שטעלט פאָר: אַ גרין וואַלד מיט אַ קאַנאַ־ריק, וואָס פּייפּט און פּייפּט זייער שטאַרק: דער העלד, דער יונגערמאַן מיט בעקלעך רויטע, קומט אריין, באַ־גלייט פון דעם עלעקטרישן לוואָנע־שיין. ער ווישט זיך שטאַרק דעם שוויים פון זיין היטל־בענדל, און ווייזט ווי עס שוויצט אַף אים דאָס זיידן העמדל.

און ער גיט אַ מאַך:

„אַכמיינגאַט, וואַסירפאַרנאַכט אין טאַמעז!
זאַ־איינע היצע איינע שרעקלעכע. — ווען מיין מאַמעס
פעטער וועט זיך דערוויסן אַז איך קום יעצט פון האָבאָקן
וועט זיך טי־ען כווישעך... אָבער איך
שרעק מיך ניכט פאַר דיזענעם פלאָקן...“

(די ווערטער ווערן באַגלייט פון אַ שיטערלעך געקרימפּל
פון צוויי יונגע פידלען און אַן אַלטן צימבל).

ער זעצט זיך אַוועק הינטער אַ בוים פון סיראַטע —
אָבער באַלד קומט אַריין דער אַלטער געבראָכענער טאַטע
אין אַ טוליפּל... איינגעקאָרטשעט נעבעך פון דער קעלט
און גיט אַ מאַך: אָך איז מיר מיינע וויסטע וועלט.
איך קום ערשט איצט פאַן סיביריען
וואו איך האָב איבערגעלאָזט מיין בלאָנדע מיריעם.
זאָ איין שרעקלעכער פראָסט, זאָ איינע ביטערע זאווערעכע,
אָבער... (ער קוקט זיך אַרום) צי הערט נישט יעמאַנד ווי איך
שפּרעכע?
ניין? אַך־כאַ־כאַ. ווענט זאָגט מען האָבן עוורען!
ווי גוט עס וואָלט זיין ווען איך בין איצט אין... כעווראָן —
אָדער אין יערושאָלאַים... אָדער אין אַנדערע שטעט מיט וואַרימע
קלימאַטן...

ווער קוקט זיך אום דאָ הי אַף איינעם אָרעמען טאטן?...
ער זינגט:

אין מיטן העלן טאָג, גיי איך אום איינער אַלייע—אַן,
און עלנט בין איך דאָ אַזוי ווי אַ שטיי—אַן.
איך האָב נישט קיין געלט און איך האָב נישט קיין גליק,
'שטאָט אין גאָלד באָד איך מיר אין קראָטקעוויק.
איך האָב נישט קאַ קינד
און איך האָב נישט קאַ רינד
און ביז קיין לעמבאַריג איז נאָך ווייט אַ—צינד.
די בוימער אַפן וועג שטייען ווייס אין טאַכריכים,
און — מיין איינציקער זון וואָס איך קלייד אים און שיך אים
ער האָט מיך פאַרלאָזט, אַי אַזוי ווי מ'פאַרלאָזט אַ שטיי—אַן
און איך וואַנדער ארום, אַי, איינער אַליי—אַן!

קיין סופליאָר נישטאָ, ווייסט מען נישט
צי מען האַלט פון פאָרנט צי פון הינטן,
נאָר דערווײַלע בלאָזן זייער שטאַרקע ווינטן.
אַ נייער ווינט וואָס מ'האָט אויסגעטוישט פאַר אַן אַלטער
סרייפע.

(וואָס מ'פלעגט צו נוצן אין דער פיעסע „מאַכשייפע"...)
„הערייין!" קומט אַריין דער אינטריגאַנט מיט ווענטשעלעך
פאַרדרייטע

און אַז ער דערזעט די צוויי פאַרשיידענע לייטע
וואָס בײַ איינעם איז זומער, בײַם צווייטן איז ווינטער —
טראַכט ער בײַ זיך: „עס וועט זיין אַ סאַך געזינטער —
אַז איכ'ל זאָגן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַז היינט אי־ניש
טאָג, נישט נאַכט, נישט ווינטער און נישט זומער
נאָר אַ ביין־האַשמאָשעס־פון־צייט — און טי מיר
עפּעס... וואָס קענטו מיר טוען? וואָוּעס?
אַז איך בין זיך דאָ אַליין דער גאַנצער באַלעבועס!?"
און צום אוילעם גיט ער זיך אַ דריי אַפן קאָריק
און גיט אַ מאַך: וואו איז ער דער שאָריק,
דער שאַרק... דער שורקע... דער באָד־יונג, אַ פינצטער יאָרר!
ער וועט שוין זיין בײַ מיר די קאַפּאָרר,
די קאַפּאַר, די קאַפּאָרע... דיזענער לומפּאַציעס
אַך־יאַה־יאַה, ער וועט מוזן אָפּשטעקן די אַסיגנאַציעס!"

אַלע דריי שטייען איצט. יעדער אין אַ באַזונדער ווינקל,
און זעען זיך נישט איינס ס׳אַנדערע. ווייל ס׳איז טינקל.
די דראַמאַ אָבער גייט זיך ווייטער ווי אַף רעדלעך,
עס קומען־אונטער דריי־פיר יונגע מיידלעך.
און טוען זיך פאַרקאַטשען די געפילן
אַזוי הויך, אַז זיי קענען זיך פאַרקילן.
אַזוי לאַנג, ביז די אַלטע מוטער, אַלטע גרייזין,
טוט זיך פון אַ זייטן־טיר באַווייזן.
איר קאָפּ איז ווייס באַשיט מיט פודער־קרייד,
זי זעצט זיך, דערצעלט אונז ווי זי ליידט,
און ווי זי שאָקלט מיטן קאָפּ און פרעגט „אַוואו דער
מאַן איז" — טרייסלט זי דערוויל אַראָפּ דעם פודער
און זי ווערט וואָס אַ רעגע אינגער, אינגער,
דער אוילעם לאַכט און טייטלט מיט די פינגער:
די גאַנצע מוזיק־האָל האַלט זיך באַ די זייטן
פּאַטריאָטן שרייען „שאַ" און זיינען גרייט צו „פייטן".
דער אוילעם הוזשעט, פייפט און וואַרפט מיט פוילע עפּל,
עס קאָכט זיך ווי געדעמפּעכץ אין אַ טעפּל.
מ׳לאָזט אַראָפּ דעם פאָרהאַנג. עס קומט אַרוים דער סטאַר
און בעט דעם אוילעם ער זאָל נישט זיין קיין נאַר,
קיין אָקס, קיין פערד, קיין ווייזלטיר,
שוין צייט, כ׳לעבן... — מאַכט צו די טיר!
עס ציט אַ צוג, מען קען דאָ כאַפּן אַ פאַרקילונג
און פאַרשפּאָרן שוין די גאַנצע שפּילונג...
בהאַימעס! מ׳גיט אייך קונסט, מ׳גיט אייך אַלץ!
פע... איר מעגט זיך שעמען אין אייער ווייטן האַלז —
צו קומען וואַרפן פוילע אייער אַף עקטערס און עקטריצעס.
עס לאָזט זיך אוים פון אַלעמען — דער שפּיץ איז —
אַז עץ זענט כאַיעס, מאַלפּעס... מאַיראַיטשעס.
איך וויל נישט אַרויסזאָגן דאָס וואָרט „סאַנאָוועביטשעס".
דאָ גיט ער זיך זייער שיין און טיפלעך אַ פאַרבויג,
און מאַכט: אָט האָט איר מיר שיר אויסגעזעצט אַן אויג!
נאָר פונדעסטוועגן איז עס פאָרט געווען אַ שיינע צייט!
צי עפּשער איז בלויז שיין אָדאָס וואָס איז ווייט?
(פאַראַנען באַ די גאַיעם אַ פּאָסוקל אַזאַ:
„טאַמדאָברע דע נאַסנעמאַ")

וואו האָט איר היינט אַן עקסטער וואָס זאָל קענען מאַכן זומער —
ווינטער ?

היינט גייט דאָס אַלעס-אַלעס אינטער.
היינט איז דער שפּילער אַ ליאַלקע-מאַריאָנעט
אין די הענט פון שרייבער, פון פּאָעט.
אַנשטאָט צו זיין אַליין אַ גרויסער שעפּפער,
איז ער ליים בלויז אין די הענט פון טעפּפער.
אַך-יאָ. נישטאָ די צייט פון „דאָווידס פידעלע" און „אישע-רא".
אַ צייט געווען אַ פריילעכע, אָווא !
די צייט פון גרויסן, קינסטלערישן קניאַק,
די צייט פון „שנייץ די נאָז און שמיר די באַק".
דאָס טעאַטער האָט געבליט, וואָס זאָל איך אייך זאָגן — וואָס ?
ווי ס'בליט אַ פרישטשיק אַף אַ מיידלס נאָז.
יאָ, עקטערס האָבן נישט געשפּילט, נאָר „ג ע ע ק ט" !
און אויב איינער האָט אַמאָל דעם אַנדערן געדעקט,
איז עס געווען איכ'ל אייך נישט זאָגן קיין גיזמעס
איז עס געווען מיט — עמעסן רעאַליזמעס.
אַקטריצעס פלעגן זיך אַליין קנייפּן די ליטקעס, זיי זאָלן ליידן,
קאָמיקערס פלעגן נישט קאָמיקירן אַנדערש — סיידן
זיי האָבן טאַקע אַליין אויסגעטרונקען אַ פּאָר גלעזלעך יעש.
דער אינטריגאַנט פלעגט צוגאַנווענען דעם שאַכענס אונטערוועש.
די באַטראָגענע טאָכטער פלעגט לאָזן זיך אַף עמעסן באַטריגן,
קעדיי איר זאָל זאָל נישט אויסקומען כאָלילע זאָגן ליגן.
דאָס איז אַלץ געווען, אַמאָל, אַמאָל, אין וויייטן אָווער
אַ דרייסיק יאָר פאַר אונזער הערבערט הו-ווער.
די צייט פון פּעכערס, מידערס, שמאָלע הויזן,
די צייט פון נאַכטיגאַלן און פון רויזן.
די צייט פון פאַיעטאָנען און פערד,
די צייט פון פרויען-בריסט און מענער-בערד.
די צייט פון שמאַד-שטיבלעך און אידן-טויפעס,
די צייט פון עלען סטריט און טאָמע אויפעס —
די צייט — נאָר וואָס איז דאָ צו רעדן ? וואָס ?
אַנטשולדיקט וואָס איך האַלט דאָס טיכל פאַר דער נאָז !
ס'איז פּאָשעט אַ פאַרקילונג — אין דער נאָז אין דויגן.
געווען אַ גאָלדענע פּאָווע, אַוועקגעפלויגן.

היינט, אַז כ׳קים אַריין אין דרעסינג-רום אין גאַרדעראָבע,
זע איך פאַרלעך מאַכן דאָרטן פּראָבע.
טראַכט איך: דאַנקען גאָט, אין חדש תחת —
נאָר פונדעסן האָב איך זייער ווינציק נאַכעס...
דיזעלבע פייגל, נאָר אַנדערש פאַרט געפליגעלט,
ווי זאָגט איר: עס האָט זיך אויסגעביגלט!
און אַז איך קום אַמאָל באַנאַכט אַריין אין רעקוויזיטן-צימער,
זע איך פון דער אַלטער צייט דעם בלאַסן שימער...
איך זע די אַלטע בערד, די אַלטע רעק, די קנאַק-פּיסטוילן
איך זע ווי יאָרן ליגן דאָ און פוילן...
די קרוין פון פינטעלע איד, מירעלע עפרעס׳ שטעקן —
ביידע הענגען דאָ ווי טויטע פלעקן.
אויך זעליק-איציקס ליולקע איז לאַנג שוין אויסגעלאָשן,
און פאַר דעם „אידיש האַרץ“ נאַט אייך היינט אַ גראָשן!
אין גאַנצן אידישן טעאַטער איז איצט אַריין אַ דיבוק,
מי זויגט דעם פינגער און מ׳זאָגט: אַ ליולקע-ציבוק.
נישטאָ קיין בילד פון לעבן — אָט זעט איר האָרדעסעס קאָפּ?
ער רעדט צו מיר פון טשוועקל דאָרט אַראָפּ!
און וואו איז איצט יעהודעס, און וואו איז אַליפאַרנעס?
היינט האָט איר שוין ליטוואַקעס וואָס זאָגן „גאָר נים“ —
היינט טוען שוין אַף אונזער בינע הערשן
אַזוי מענטשן ווי דער רובין גערשן.
און אַנדערע ליטוואַקעס, ווי לאַזאַר פריד, בען-אַמי און באַראַטאָוו
איך זאָג מיר מיינס: רעדסטו ווי אַ מענטש איז מה-טוב.
רעדסטו אָבער ווי אַ ליטוואַק-גאַנעוו, ווי אַ קאַטשקע —
ווינטש איך דיר אַ ניכפּע, אַ כאַליאַטשקע.
(עס איז באַ מיר אַ מאָשל נאָר אַזאַ
ווייל שעלטן זיך איז נישט מיין אַמפּולאַ!)
איך טיינע מיינס: אַז עקטן,
דאַרף מען נאָר אין אונזערע דיאַלעקטן!
און דאָרטן וואו מי דאַרף זיין אינטעליגענטיש
מוז מען רעדן אַף אַ שפּראַך וואָס איז נישט יענטיש.
הערנזי... איך מעכטע זי בלאָז פראַגן —
נאָר אַנטשולדיקט! איך ווייס נישט צי דאַרף איך וואַגן,
מי זאָגט אַז איר אַליין זענט אויך אַ „פּאַשעטיסט“ —
נו, אויב אַזוי איז דאָך שוין מיין טיינען גאָר אומזיסט.

ווייסיך! פילייכט האָבן זי רעכט... נו־יאָה,
איך בין דאָך נישט מער ווי אַלטער סופליאָר.
איז וואו־זשע האָבן מיר די סצענע איצט געביטן?
אַך־יאָ. באַנאַכט צישן אַלטע רעקוויזיטן:
דורך צענדליק אויסגעהוילטע סצענע־פענצטער
קוקן זיי אַף מיר — די שפיל־געשפענצטער,
די אַלע העלדן מיט זייערע געווערע,
די אַלע אַלטע, פיינע קאַראַקטערע.
ס'איז אַלעס טויט און בלאַס ווי גיפּס,
אַ פייגער מיט אַ ווייסן שניפּס...
„גרינע" עקטערס האָבן היינט די האָזע,
צו זאָגן אַז זיי דאַרפֿן אויך פֿאַרנאָזע,
אַלטע לייט וואָס האָבן באַ דער בינע די ציין זיך אויפגעגעסן,
זיצן איצטער אין עקטער־קלוב — פֿאַרשעמט, פֿאַרגעסן.
בי־שאָס אַ יונגער וועוריק, אַ יונגער סמאַרק
שפילט „האַמלעט, פרינץ פון דענעמאַרק"...
יונגע נעמט מען צו און אַלטע לאָזט מען שטייען —
אַז אָך איז אונז און ווי איז אונז געשייען!
נישטאָ גאָר קיין דערעך־ערעץ פאַר אַלטע צי פאַר שלאָפע,
ווערט איר אַלט, זענט איר ווי אַן אַלטע שאָפע.
איר קענט זיין אַ פרוי אַרום די הויכע אַכציקס,
קומט צעגיין אַ מיידעלע אַ יונגס, אַ שמאַכטיקס —
און נעמט־צו אייער ראָלע אַלס דעלילע,
(איך רעד קיין שלעכטס אַף קיינעם נישט כאָלילע).
איך זאָג עס בלויז. אַז ס'קומט צו רייד נו רעדט מען —
און די ראָל פון שאַבסי־צווי וועמען מיינט איר געט מען?
יווועלירן, קאַצמאַנען... צי אונזער ליבן בויעז?
סי הויבט זיך נישט אָן. סי לאָזט זיך נישט אוים.
און איך, דער אויסגעדינטער קעסטלמאַן,
בין דאָך אויך אַן אַלטער וועטעראַן.
דינען מיר די אויגן נישט און נישט דאָס קאָל...
שריי איך העכער, ה ע כ ע ר וואָס אַמאָל. —
שרייען קריק די עקטערס, אַז איך שריי צו הויך.
וואָס־זשע קלערט איר? סי גרימט מיר אינם בויך.
פון יעדן צוציק, יעדן אינגל, יעדן שנעק,
כאָטש נעם און שפיי אַף אַלעמען אַ קלעק.

קלער איך אָבער קריק: נו, שוין געשפּיגן —
נו, וואָס איז וועמען וועל איך דאָ באַזינגן?
אַ פיינמאַן. מאַרקס, אַ זאַלמען שנייער?
און ווער וועט זיך צערייסן דען דעם שלייער —
אַז איך, דער אַלטער נאַר, דער אַלטער האָליצע,
וועל לייגן מיינע באַקציין אַף דער פּאָליצע?
סיי־ווי־סיי זיי שרייען דאָך איך מאַך זיי קאַליע,
איך! דער אַלטער דינער פון דער געטין טהאַליאַ.
וואָס האָט געזען דאָס אידישע טעאַטער אין די ווינדעלעך,
א י ך מ אַ ך ק אַ ל י ע! אַך קינדעלעך, קינדעלעך!
גאָט זאָל אייך נאָר פאַר די רייד ניט שטראָפן...
און איצט גענוג. איך גיי שוין שלאָפן.
נאָר איידער איך פאַרשווינד, וויל איך איר זאָלט וויסן,
אַז ע... פּראָפעסאָר הורוויץ לאָזט אייך גריסן. —
ער הייסט מיר זאָגן אייך, דער גאַנצער אָדיטאָריע,
אַז אין גאַניידן טרינקט ער בלויז ציקאָריע!...

## עפּילאָג

די בינע איז ליידיק. סופליאָרס קעסטל איז ליידיק.

די אויסגעטראַכטע פּראַכטן זענען איצטער פלעקן
ווי אַ שלעכטער כעשבוין.
די לייוונט־זון איז אָפּגעריבן און פאַרשטויבט.
אַ הונגעריקע בינעמויז גריזשעט פון דעם ליכט,
וואָס דער נאָווי האָט דערמיט געזוכט זיין גאָט.
דער קעניגמאַנטל ליגט אַ ליידיקער
אַף אַ ליידיק ווענטל פון אַ ביינקל.
די שורע טרעפּ, וואָס האָט געפירט צו גאָט,
איז איצט געבליבן אינדערמיטן.
די שפּילער האָבן אָפּגעשפּילט די שפּיל,
איצט שפּילט דער פאָרהאַנג בלויז זיין לאַנגע, נודנע ראָל,
איצט ווינען ווענט און רעגעס,
און שאָטנס שנעל־פאַרטריבענע
ווינען פון די ווינקלען.

די גריל זעגט־אויס אַ לאַנג געזעגן־ליד
הינטער אַ קוליסע...

אַ הויכער דאַרער געניץ,
דזשענטלמאַניש אויסגעפּוצט אין אַ צילינדער,
קריכט אַרום אין אַלע ווינקלען, אַלע לעכער,
און זיגלט־אָפּ מיט גרויעם זיגלוואַקס —
דעם גורל פונם אַלטן, אידישן טעאַטער...

# עקזאָטישע געדאַנקען פונם דיכטער זישו קיליבאַרג

דער קוטשעראַזוער, פולמוטיקער, קוגל-קיילעכדיקער אידישער
דיכטער
(וואָס וואו אַ פּאַרנאָסע-לאָך דאָרטאַהין קריכט ער).
האָט זיך געזעצט צום טיש מיט אַ שיסל קלאָפּסן,
זיך געשפּילט מיט זיין זויעראַויגיק מאָפּסל,
זיך אַ גלעט געטאָן מ'בויך, וואָס פאַרשטעלט אים די שיך.
געשמייכלט און גערעדט אַליין צו זיך:

כ'האָ בידאַרפט זיין נישט דאָס וואָסיך בין.
כ'האָ בידאַרפט זיין עפּעס אַנדערש, גאָר עפּעס אַנדערש.
כ'האָ בידאַרפט זיין אַ לעמלטיגער, אַ ביקלוואָלף, פול מיט
עקזאָטיק,
כ'האָ בידאַרפט זיין אַ געמיש פון ראָקאָקאָ, לואי דער... נציטער
און גאָטיק...
כ'האָ בידאַרפט זיין אַ מאַמע מיט אַסאַך קינדערלעך
איינער קלענער פונם אַנדערן, און כ'האָ זיי אַלעמען
בידאַרפט זעצן אַף טעפּעלעך: זיבן קינדערלעך, זיבן טעפּעלעך.
זיבן געגלייזטע טעפּלעך אונטער אַ פרילינג-זון, אַף דער פּיצינייע
אַקעגן דער גאָלדענער קופּע מיסט און אַקעגן די קאַניעלעך.
כ'האָ בידאַרפט זיין אַליין (עפּשער) אַ פּיצינע-אידענע, וואָס
העקלט
אַ זאָק, און לייענט שקספּיר, און טראָגט שפּאַקולן אָן גלעזלעך,
און האָט שפּיציקע געלע פּעדערשטע ציין וואָס קריכן אַרויס
פון די ליפּן,
און צוויי העלבלאָנדע צעפּ ווי גרעטל.

כ'האָ בידאַרפט זיין אַ רייכער, פּולבויכיקער עפּענדי,
ליגן אַפּן הייסן דאַך פון מיין אַמאָרקהאַיאַמישן געצעלט.
דער פּופּיק באַשמירט מיט האָניק
און אַ גרינע, גרויסע פליג זאָל שטיין פון אויבן
און איך זאָל האָבן דאַפון אַ טיפן טייניק.
כ'האָ בידאַרפט זיין לויטער מויל און לויטער ט.
כ'האָ בידאַרפט ליגן אין אַ וויינגאָרטן, עסן, וואַרצן און זאָגן
בראָכעס.

כ'האָ בידאַרפט זיין אַ ליאַכע מיט זעכציק ציצלעך,
און זעכציק קינדערלעך זאָלן מיך מיט די מיילעכלעך קיצלען.
כ'האָ בידאַרפט זיין באַקראַנצט, באַזאַלבט און אויסדערוויילט,
ס'האָט מיר בידאַרפט זיין גוט ווי די גאַנצע וועלט!
כ'האָ בידאַרפט זיין אַ נאָווי, אַ בערנטרייבער, אַ קלאָון,
אַן אָסקאַר ווײַלד, אַן איבן גבירל, אַ פראַנסואַ ווילאָן.
כ'האָ בידאַרפט זיין אַ פעניקספויגל און לייגן פייערדיקע אייער,
כ'האָ בידאַרפט זיין אַ מאַנדיוואַזשקע אין דער וויע פון אַ
שטערנזעער.
כ'האָ בידאַרפט זיין אַ פרויענהאַסער, אַ היינע, אַ באַ בראַמעל,
כ'האָ בידאַרפט זיין גלייכצייטיק אַ דאַך און אַ שוועל.
כ'האָ בידאַרפט זיין אַרויף און אַראָפּ און אַוועקצוצו און אינמיטן.
כ'האָ בידאַרפט זיין אַ פּייערזייל, אַ פּיראַמיד און אַ שליטן.

כ'האָ בידאַרפט זיין אַלץ, און גאָרנישט און גאָר,
כ'האָ בידאַרפט האָבן אַ פּורפּורענע באָרד און גרינע האָר.
כ'האָ בידאַרפט האָבן אַן אויג אַפן נאַקן, ווי אַ ציקלאָפּ,
כ'האָ בידאַרפט קענען פון מיין וואַנצע אויספּלעכטן אַ צאָפּ,
כ'האָ בידאַרפט האָבן אַ שפּעלטל אין שטערן, אַריינצוואַרפן
גראָשענע געדאַנקען,
ס'האָט מיר בידאַרפט רינען פייער פון די פינגער און בלוט פון
די פלאַנקען.
כ'האָ בידאַרפט קענען מאַכן פּוטשאַמבאַסאַם, זיך צעלאַכן און
געבן אַ באַלעק,
און ניסלעך זאָלן באַ מיר שטיין גאַנצע זעק,
און האָניק זאָל באַ מיר זיין געמישט מיט פּיץ און מיט עסיק,
און אַלע פּרייטיק זאָל איך קוילען אַ איד וואָס איז מיטלמעסיק.

אַזוי האָט געטראַכט איינמאָל אין אַ זונטיק דער דיכטער זישו
קיליבאַרג —
וואָס איז שטאַרק באַרימט אַפן סעקאַנדעוועניו דיכטערמאַרק.
געטראַכט, געפּרעסן, געשטונקען, און דערנאָך גענומען אַ
הענטלפּענע
און זיך אַוועקגעזעצט אויסדיכטן אַן עקזאָטישן צענעווערענע,
מיט פייגלדרעק און טפילנשטאָף און ציילעמפּילמוזן.
עס זאָל קנאַקן, פּעכלען, און צימזשעדרימדזשען.

# פון פרעמדע קוואַלן

## כינעזיש

.1

פלאַפּ-פלאַפּ, דער פויגל אין זיין שטייג —
ער שלאָגט די פליגל קעגן אַלע פיר ווינקלען.

ענג, ענג איז דעם געלערנטן אין זיין שמאָלער גאַס,
ער האַלזט דעם ווינט און ער קושט דעם שאָטן.

און אז ער גייט ארוים אין דער גאַס, וואוהין זאָל ער גיין?
בערעלעך און דערנערלעך פאַרשטעלן אים דעם וועג.

איך האָב אַמאָל געהאַפּט אַף די פעטע פיירעס פון די טעג.
איצט איז דער בוים וויאַל, און די פרוכטן קאַליע.

און אַז דו טרינקסט אפילע פון א גרויסן טייך
קענסטו מער ווי אַ פולן בויך נישט טרינקען.

איך אליין בין אליין אין אַ וועלט מיט מענטשן,
גענוג איז גוט, צופיל איז בלויז פאַר שלעכטע.

אַ פויגל אין אַ גרויסן וואַלד קען שטיין בלויז אַף איין צווייג,
פונעם פויגל אַפן צווייג דאַרפן מיר זיך לערנען!

.2

דו האָסט מאַנטלען און יאַקן—
נאָר דו טראָגסט זיי נישט;
דו האָסט רייטוועגן און פערד—
נאָר דו פאָרסט אַף זיי נישט.

באַלד, באַלד קומט דער טויט,
וועט שימלען דיין ברויט.

דו האָסט זאַלן און קאַמערן—
נאָר זיי זענען נישט אויסגעקערט;
דו האָסט גלאָקן און פויקן—
נאָר זיי ווערן נישט געהערט.

באַלד, באַלד ליגסטו באַגראָבן.
אַן אַנדערער וועט זיי האָבן.

דו האָסט פלייש און וויין,
פאַרוואָס זאָגט נישט דיין פלייט,
אַז דער טאָג איז דיר קורץ
ווי אַ גאָלדן קלייד?

באַלד, באַלד קומט די נאַכט,
ווערן דיר די אויגן פאַרמאַכט.

.3

פון מיין שטוב אױף די זומפּן—
זע איך שיפּן,
פייערן, פייערלעך.
נאָר פונוואַנען זיי קומען?
וואוהין זיי גייען?
דאָס ווייס איך נישט.

.4

מיין לאָגל האָט בלויז זאַמדיק וואַסער.
אין שיפלעך ברענען לעכט און שלוקעכצן.
איך וואַרט, מיין האַר!

דער טייך רייסט און ווערט געשוואָלן.
די קוראָפּאַטקע רופט איר מאַן אהיים.
איך וואַרט, מיין האַר!

.5

דער ווינט טראָגט שטויב אין זיינע הענט,
דער שפריי־רעגן אין לופטן איז אַן וואָרצלען.
איך בין אליין מיטן קלאַפּן פון מיין האַרץ.

פאַרוואָס לאָזן די פייגל פאַלן זייערע פעדערן
צישן ווייסע, ווייסע וואָלקנס?
ווען זיי זאָלן טראָגן מיינע בריף
צו אים, וואָלט געווען גוט.

דופטיגע מאַגנאָליאָס שמעקן שטיל,
נאָר שטענדיק פאַלן בלעטלעך אַראָפּ.

איך פאַרמאַך מיין גיטאַר אין איר קעסטל.
איך לייג אוועק מיין פלייט פון עדעלשטיין.
איך בין אליין מיט דעם קלאַפּן פון מיין האַרץ.

אָ, קומט צו מיר היינט באַנאַכט,
איר אַמאָליקע לידער!

.6

ווי אַזוי גייט די נאַכט?
דער זייגער צוועלף איז נאָך נישטאָ.
אין קייזערס הויף פלאַקערט דער פאַקל,
פון ווייטן הער איך ס'ציטערן פון דער פויק.

ווי אַזוי גייט די נאַכט?
די נאַכט איז אַלץ נאָך נישט אוועקגעגאַנגען,
איך הער טרומייטערס בלאָזן אין דער ווייט,
דער פאַקל פלאַטערט בלאַס אין מאָרגנגרוי.

ווי אַזוי גייט די נאַכט?
די נאַכט איז שוין אוועקגעגאַנגען,
דער פאַקל רויכערט אינם מאָרגנשיין,
אַ געלע פאָן באַגריסט די יונגע זון.

# עגיפטיש

.1

אינם גרויסן הויז, אין הויז פון פייער,
אין דער טונקעלער נאַכט, ווען די כאַדאַשים און יאָרן
ווערן געציילט,
דעמאָלט זאָל מיר באַשערט זיין צו געדענקן מיין נאָמען!
ווען דער איינציגער, וואָס זיצט אַף די מיזראַך־טרעפּן,
וועט זיצן מיט מיר אין פרידן,
דעמאָלט זאָל מיר באַשערט זיין צו געדענקן מיין נאָמען!

.2

איך בין דער וואַנדערער,
און איך בין ריין.
זע! קוק מיך אָן,
ווי איך בין ריין.
אָ, אַה *) דו וואָס זיצסט אַף דער שוועל,
זע, ווי ריין איך בין,
איך בין ריין ווי האַטהאָר,
וואָס איז ליבע.

.3

עפנט מיר אויף!
ווער ביזטו? און וואוהין גייסטו?
וואָס איז דיין נאָמען?
מיין נאָמען? איך בין איינער פון אייך,
עפנט מיר אויף,
ווייל איך בין איינער פון אייך
און איך גיי צום טויט.
ווי סי גייט יעדער פון אייך.

---

*) נאָמען פון אַ גאָט.

## יאַפּאַניש

.1

דער הערש וואָס וואוינט
אפן סאָסנע־באַרג,
דערקענט ס׳אָנקומען פון ווינטער
בלויז פון זיין אייגענעם געשריי.

.2

פון אַלע זייטן
קומט דאָס געזאַנג פון פייגל.
איך קער מיינע אויערן
צו אַלע פיר ווינקלען פון דער נאַכט,
און איך הער דיין שטערן זינגען.

.3

אָה, גריל!
לויט דיין פריילעך געזאַנג
קען מען נישט וויסן,
ווי נאָנט דו ביזט
פון טויט.

.4

ווי אזוי, ווי אזוי,
וועסטו קענען אליין
ארויפקלעטערן צום הויכן באַרג.
וואָס מיר האָבן אין צווייען קוים דערגרייכט ?

.5

די נאַכט איז אויסגערונען—
ווי וויין פֿון אַ צעשפּאָלטן קריגל.
איצט מוזן מיר זיך
איינס ס'אַנדערע העלפֿן
די קליידער אָנטון.

.6

צען שיפֿן גייען ארויס פֿונם האַפֿן.
צען שיפֿן זענען ברידער און פֿריינט.
צען שיפֿן פֿאַרלירן זיך באַלד אפֿן וועג.
צען שיפֿן גייען אַף צען וועגן,
יעדע שיף—אַ וועג.

## סאַנסקריט

.1

שנירלעך פּערל לייכטן גרינג
אַף אַלע מידע שיינע בּרוסטן.

די מיטאָג שטראַלן זענען היים ווי לעכט
וואָס ברענען אַף אַלטאַרן.

פאַרגעסן איז אַצינד די אַלטע סינע
צישן גאָרטן-פאַווע און דער שלאַנג.

די פאַווע איז מיד פון זון און זומער.
פול מיט פלעקן פראַכטיקט איר גוף.

זי זוכט אין רעגנבויגן שאָטן פון איר עק
אָפּצוקילן זיך דאָס הייסע קעפּל.

הינטער גערן קראַנץ מיט פייער
וואָס לאָזט אין ערגיץ נישט קיין קילן ווינקל—

ווערט דער טייך אויסגעזויגן פון טומאַן,
און לאָזט נאָך זי אַ רויכיק בלאָטע-גריבל.

די קאָבראַ וויל אַצינד קיין שפּייז נישט—
קוקט זי נישט אינגאַנצן אַף דער זשאַבע

וואָס רוטע הינטער שלאַנגיש-פיינעם האַמערקאָפּ
גלייך ווי הינטער קילן פאַראַסאָל.

.2

צייט איז דער וואָרצל פון דר'ערד.
די אַלע שעפענישן וואָס די צייט האָט באַשערט—

וועלן באַם סאַף שלאָפן אין איר האַנט,
צייט האָט נישט קיין דאַך און קיין וואַנט.

מיר אַלע אין איין לאַנגן קאַראַוואַן,
שפּאַנען זינט די וועלט האָט אָנגעפאַן.

מיר ווייסן נישט וואוהין, מיר ווייסן נישט פונוואַן,
מיר ווייסן נאָר די צייט פירט אָן דעם קאַראַוואַן.

.3

אומראַכמאָנעסדיג גיסט זיך די היץ פון הימל
באַטאָג. נאָר די נעכט זענען קילער.

דאָס באַשטענדיקע באָדן זיך מאַכט נידריק
דאָס וואַסער אין טייכל.

מיט די פאַרנאַכטן קומט אַ בלענדנדיקע רו.
עס איז זומער דאָ באַ אונז אין אינדיע.

אים זומער איז דער הימל דאַרשטיק.
אים זומער ביינקט די זון נאָך וואַסער.

געדאַנקען זענען שלאַף און נידריק—
מיט זיסע קליינע לידער.

פעכערס איינגענעצט אין וואַסער—
ברייננגען טראָפּענדלעך מיט קילקייט.

# לאטיין

1.

אַ ווייזלטיר, וואָס איינער האָט געכאַפּט,
האָט זיך געבעטן און געצאַפּלט:
„אָ, טייט מיך נישט, איך העלף דאָך אָפּהיטן דיין שפּייז,
מיט דעם אליין, וואָס איך עס אויף די מייז".

„דאָס איז עמעס", האָט געזאָגט דער מאַן.
„נאָר אין דעם אמת איז אַ ליגן אויך פאַראַן.
אַז דו עסט־אויף די מייז מיינע איז וואָר,
נאָר אַז דו עסט מיין שפּייז אויך — דאָס איז קלאָר.

דעריבער, ברודערל, מוזטו גיין אַ גאַנג,
כאָטש דאָס טוט מיר זייער־זייער באַנג!"
די סאַטירע פון דעם ליד איז אָט־וואָס:
דער, וואָס אַרבעט נישט דאַרף קייען גראָז,
און דער וואָס שטופּט דעם שטופּער פונם טרויבן־וואָגן,
דער דאַרף קיין אייגן קריגל ווייַן פאַרמאָגן.

2

פרוכט־שוואַנגערע ערד טרינקט פונם רעגן,
דיביימער טרינקען דאָס קריק פון דער ערד.
דעם יאם טרינקט די לופט. די זון
טרינקט פונם יאָם און די לעוואָנע פון איר.
זאָל איך דען איינער אַליין בלייבן דאַרשטיק
ווען די גאַנצע נאַטור טרינקט און איז פייכט?

3

ווינטער אין טאָמי

דער שניי ליגט טיף. קיין זון, קיין שלאַקסרעגן
שמעלצט נישט די ווינטערדיקע אייז־קאָוועס.
עס איז קוים איין האַרבסט אוועק, ווי דער אַנדערער איז שוין דאָ,
די שנייען ליגן פון יאָר־צו־יאָר ;
פרעך וועט שטורעמדיק איז דער צאָפן־ווינט.
ער דעקט צו שטיינטורעמס. דעכער רייסט ער אָפּ.
מיט פעל און הויזן־קליידער שיצט מען זיך פון קעלט.
איר זעט נישט מער ארויס ווי מאַנצבילשע אויגן.
זייערע האָר זענען צענויפגעפרוירן אין איין שטיק.
זייערע בערד הענגען ווייס מיט בליציקן פראָסט.
זיי דאַרפן נישט קיין קרוגן פאַר דעם וויינגעטראַנק.
זיי ברעכן אָפּ אַ שטיקל ווייַן און עסן עס.
מיר רייטן פעסט אַריבער האַרטן וואַסער.
די פערדס פידקאָוועס קלינגען הויך און העל.

# גריכיש

.1

ווי אַ זיסער עפּל, וואָס צייטיקט רויט
אויפן העכסטן צווייג,—
העכסטער אויפן העכסטן צווייג,
אַזוי ביזטו—
מיין ליבסטע, מיין איינציקע !
נישט פאַרגעסן האָט מען דיך
נאָר נישט גרייכן האָט מען דיך געקענט.

.2

ווי די ווילדע בלאָ־בלום אין דער אונטן־שטונד
בליסטו ווי אַ בלאָער פלאַם און ווי אַ וואונד.

.3

מוטער ! איך קען מיין שפּינדל נישט דרייען
מיין האַנט איז מיד, מיין ליפּ פאַרשמאַכט,
נאָר קיינער קען נישט פילן דעם ווייטיק, וואָס איך פיל,
ווען איך שטיי באַם שפּינראָד שפּעט איינדערנאַכט.

.4

ליבע? ווי אַ באַרג־ווינט קומט איבער אַ דעמב,
אַזוי פאַלט די ליבע אַף מיר
און רירט־אויף מיינע בלעטער און מיינע צווייגן.

.5

אין צישן טאָג־און־נאַכט איז געהאַנגען
די שטילע פולע לוואָנע.
אַלע פרויען זענען געשטאַנען פאַר איר
ערנסט, ווי פאַר אַן אַלטאַר. אָט אַזוי
האָבן די קרעטאַנישע יונגפרויען געטאַנצט
מיט זינגנדיקע פיס אַרום דעם לוואָנע־קאָרבן,
און צעטראָטן צאַרטע בליאונגען פון ווייכע גראָזן.

# פערסיש

.1

האַפיז זינגט אַ ליד אין פוסטן טאָג אַריין,
זיין ליד אליין טרינקט ער אוים ווי וויין.
דער טאָג — דעם קאָם וואַרפט ער שטיל אַוועק.
האַפיז ווייסט נישט, וואָס מי מעג.

איך בין אַ פאָפוגאַי. אין שפיגל זע איך בלויז:
עם רעדט די אייביקייט, איך פּלאַפּל קריק אַרוים,
גיב מיר, טאָג, וואָס דו ווילסט: רויזן צי דערנער.
ווי אַ פויגל זוך איך אינם מיסט די קערנער.

לאַכט נישט פון מיר. איך האָב די פּערל געפונען,
און ס'ליכט פון מיין האַנט האָט די פּערל אָנגעצונען.

.2

ליבע איז געווען איידער זון איז נאָך געווען.
ווען קיין זון וועט מער נישט זיין
וועט נאָך זיין ליבע.

ליבע איז געווען איידער טויט איז נאָך געווען.
וועט קיין טויט וועט מער נישט זיין
וועט נאָך זיין ליבע.

.3

דערצייל אים, אָ, נאַכט,
ווי דיין שוואַרצע שווערד
האָט געטייט מיין ווייסן טאָג.

אַז דיין שוואַרצע פעדער האָט אויסגעמעקט
די וועלט פון אונטער מיינע ברעמען
און אַז מיינע אויגן זאָגן ניין
צו יעדן טראָפּן שלאָף.

די שווערע בריסט פון מיין צאַאר
זענען פול מיט מילך.
מיין שלאָפבעט איז פון האַרטע דערנער.
ווייל דו ביזט פון מיר ווייט.
דערצייל אים, אָ, נאַכט!

.4

(געשריבן אַרום דעם 7טן יאָרהונדערט)

אַף לעכטיק צו מאַכן מיין פינצטערניש—
זוך איך די רויטע האַלב־לעוואָנע
פון אירע ליפּן,
און אַז זי באַווייזט זיך נישט
זוך איך די בלויע האַלב־לעוואָנע
פון מיין קרומען דעגן.

איינס פון די צוויי איז מיר באַשערט:
איר גאָלדן האַרץ אָדער מיין שטאָלענע שווערד.

.5

זי גיט אירע אָרעמס צום ווינט
זי גיט דעם ווינט איר נאָפּל.

עלפאַנטביין נאָך נישט אָנגערירטער
זענען אירע בריסט.

זי גיט דעם ווינט איר לאַנגן זיכאַליין,
איר געטאָקטן זיכאַליין,
און היפטן אַזוי רונד און שווער
אַז זיי זענען מיד.

זיילן פון מירמלשטיין און עלפאנטביין
זענען אירע גלידער.
אירע פיסקנעכל זענען געצירט מיט זילבערנע רינגען.
און איר בין איך ווי א זי־קעמל
וואס האט געמאפלט,
און וואיעט אינם זאמד באנאכט.

.6

נאך פאר דיין טויט
האב איך פיל טרערן פארלוירן.
נאר איצט בין אליין
א טרער געווארן.

די טרייסטער טרייסטן
מיינע טויבע אויערן;
מיט איר אין קייווער
איז מיין הארץ פארלוירן.

.7

דערעסן מיר צו זיין אין דארף און שטאט.
ווי בענק איך נאך א צעלט אין מידבאר!
דער דופט פון מידבאר־בלומען זאל מיך טון דערפרישן
און דער קילער שטיין זאל זיין מיין קישן.

איך זע די טעג ווי אלטע קעמלען דארע,
זיי טראגן אף די רוקנס שווערע ווארע,
טראגן זאפראן, סאם און סאמעט־סכוירעס—
טראגן אויך אף זיך די שטומע דוירעס.

זיי האבן נישט קיין שרעק פאר קיינעם,
און הערן נישט באנאכט ווי שאקאלן וויינען.
זיי גייען גלייך און טראגן הויך די לאסטן,
ווי שיפן שטארקע טראגן זייערע מאסטן.

זיי קניען פאַר די אַלטע שטיבער
און לייגן־אָפּ די בסאָמים און די לידער.

פון דר'ערד בליעט אַלעס פריש ארויס,
דער מענטש, דער קעמל און די רויז.
און פון טויטע הערצער אין די הייסע שטויבן
וואַקסן הענגלעך לאַכנדיקע טרויבן.

## אין מיטן שטראָם

אין מיטן שטראָם,
אין מיטן שטראָם,
שטייט איינער און גראָבט.
איז דער שטראָם בלאָטיק,
און ער איז דאָרשטיק

זאָל איך מיטן שטראָם גיין,
ביז ס'וואַסער וועט זיך קלערן?
איז דער וועג ווייט, ווייט.
גיי איך ק ע ג ן שטראָם.

אַ שפּאַן בלויז פונעם אָרט
וואו דער גרעבער גראָבט,
איז ס'וואַסער קלאָר און פריש.

# הויכער רייטער

1

הויכער רייטער אַפֿן פערד!
אָ, הויכער רייטער אַפֿן פערד!
לאָמיך צושטעלן אַ לייטערל צו דיין זייער הויכן פערד.
אָ, נעם מיך מיט, הויכער רייטער אַף דיין הויכן פערד.

מירן ביידע רייטן, הויכער רייטער.
מיר'ן ביידע טרומייטערן, הויכער רייטער,
אַף אונזער גרויסן טרומייט.
וואָס לאַכט צו דער זון.

מירן זיך ביידע טיילן מיטן בלישטש פון מעשענעם טרומייט,
מירן ביידע רייטן דורך צעשפּאַלטענעם טאָג,
מירן ביידע טראָגן דעם טאָג
אַף אונזער הויכן פערד.

דער רויטער רייטער רייט אַף אַ פערד
מיט שאַרפע שפּאָרן.
די שפּאָרן קיצלען דאָס פלינקע פערד,
אָבער פערד לאַכן נישט,
נאָר זיי מאַכן: הע־שע־שע־שע.
הויכער רייטער! דיין פערד האָט הויכע פיס —
דו האָסט אַ הויכן ווילן,
אַ הויכע פרייד איז אין דיינע אויגן,
די וועלט ליגט דיר פאָרויס —
פאָרויס, פאָרויס, פאָרויס!

איך שטיי אַפֿן וועג, איך, בידנע אינגל.
אָן אַ פערד, אָן שפּאָרן, אָן הויכקייט,
און בענק מיך אַרויף צו דיר,

צו דיר, רויטער רייטער אפֿן הויכן פערד.
אַ, נעם מיך מיט, אַ, רייטער אפֿן הויכן פערד.

2

מיליטער-מאַרש פון מיינע געדענקענישן.

ערשטע ריי:

דאָס רויט-זילבער פון אַ ווינטער-מיטאָג!

צווייטע ריי:

איך פאָר צום ערשטן מאָל קיין ברעזשאַן.
איך פאָר ס'ערשטע מאָל אַף אַ פור מיט שטרוי און גענז
און וואַרעמע מיידן.
איך זע צומערשטן מאָל אַ טייך — דעם זלאָטאָליפּאַ...
איך בין מיך מעקאַנע אָן אַ שיר, וואָס איך פאָר צו דער מומען
קיין בערזשאַן,
און וואָס סי פאַלט אַ שטילער פוכענער שניי אַף די אַרומיקע
היגלען
און עס ווערן שנייענע יאַרמילקעס.
און איך צי אַרויס אַ קאַלט שטרויעלע פון דער פור מיט שטרוי,
(צישן די וואַרעמע מיידלעך, וואָס לאַכן אַזוי אָן-אַ-שיר-גוט)
און איך זאָג צום שטרויעלע-מיט-שניי: שטרויעלע, שטרויעלע,
ביזט אין מיינע הענט: וויל איך, נעם איך דיך מיט צו דער
מומע כאַיע קיין בערזשאַן...
און וויל איך נ י ש ט, ווארף איך דיך אַראָפּ פון דער פור,
און דו פאַרסט נ י ש ט מיט מיט מיר צו דער מומע כאַיע
קיין בערזשאַן.

דריטע ריי:

אַ קאַזעין מיט אַ שיינער בילמע אַפֿן אויג.
אַ שטוב פול מיט וואַרעמע בייגל און האַלב-נאַקעטע
בעקער-יונגען,
און קוישן מיט וואַרעמע פאַרקעס,
און אַ שוואַרץ, ערדן טעפּעלע, וואָס קאָפּטשעט זיך אין פריסיק—
אַ יאַיכעלע פאַר אַן אָרימער קרוווע, אַ קימפעטאָרין.
און איך לערן מיך גיין, לערן מיך נישט-פאַרבלאָנדזעט-ווערן
אי אַזאַ גרויסער שטאָט.
או איך טראַכט: בינעך מיר אַזוי פאַוואָלי אין ברעזשאַן
ווי אַ גרויסער מענטש, אין אַ גרויסער שטאָט, מיט אַ טייך,
און מיט אַ נאַווירינעק, און מיט אַ קרייזגעריכט און מיט
קאַסעירן

פול מיט בלאָ מיליטער...
און איך גיי איבערן הילצערנעם טריטואַר און צייל די טריט,
און מאַך מיר אַ סימען איך זאָל נישט פאַרלירן ווערן
אין מיטן וועג, ווי דאָס שטרויעלע, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט
לעבן דער ראַגאַטקע...

פערטע ריי:
דאָס אָרמע עסן פון ערדענע שיסעלעך אַרויס
מיט ווייסע שטרייפלעך אינווייניק.
פינפטע, זעקסטע און ווייטערדיקע רייען:
דער צעבער באַ דער טיר. דאָס וואַסער־פעסל.
דאָס קופערנע קוואָטירל.
דאָס קויטיקע האַנטעך. דער באַלעבאָס מוישע שמיררייבע מיט
אַ צעפליקטער בעקעשע און פייעס ווי בערד...
און וויינענדיקע ווינטער־וועגט, מיט פראָסט־בלאָטערן.
(און ווינער קאַווע־הויז איז וואַרעם, רויכיק.
וועדעקינד לייענט אַ ליד פאַר... ברייטע, שוואַרצע קאַפּאַליטשן).
ס'האַרץ געדענקט די אַפּדערנאַכטן, ווען טאָג ליגט טויט:
הינטער בערג מיט ווייסן אומעט.
דער ווינט איז אַ דייטש מיט אַ גאָלדן קלאַרנעטל.
דער באַרג איז אַ שקאַרמיץ אַפן קאָפּ
פון אַ קאָמעדיאַנט.

מיזערנע ליכט־ציטערנישן גייען אויף אין די אָרעמע שטיבלעך.
אין מינכן טרינקט מען דין און טונקל ביטער ביר.
פריילין לאָסקער־שילער איז אויכעט דין און טונקל־ביטער.
האָפנונגלעך רירן זיך — דורך פינצטערניש און קעלט
און וועלט־פאַרלוירנקייט,
דער גוטער־יאָר האָט מיין כאָלעם געטראָגן, און
נישט דערטראָגן.
(צו שווער געווען צו שלעפן זיך דערמיט).
אַוועקגעוואָרפן עס לעבן איסט־ריווער,
אַ שפּיי געטאָן, אַוועקגעגאַנגען.

ווי פליגן אין אַ ברענעדיקן לאָמטערנדל
אונז דאָ געלאָזט
אויסצוגיין אין שמאָלן שטיקל וועלט.

ווינטערנאַכט. ווינטערנאַכט. וואו? וואו וואו?...
וואו? — אָ — אָ?...
(אַ לאַדנדל קלאַפּט בייז און אומגעדולדיק
אין דערשראָקענעם פענצטער).

3

דער רייטער רייט נאַכטווערטס
צום מאָרגיקן טאָג,
דורך גראָזיקע בערגלעך מיט זון.
קליפּ־קליפּ. קלין־גלאָן. דורך וואַלד און דורך פעלד
אין אייביקן ראַ—טאַ—טאַ—טאַ.
טוט רייטן דער רייטער אַלץ ווייטער און ווייט.
אַלץ ווייטער פון ברעג און אַלץ נענטער צום ברעג
מיט אָדלערס אין ווייסל פון אויג.
דורך איצט און דורך שוין. דורך דאָ און דורך דאָרט.
צום פייער, צום פונק און צום פלאַם.

אָ, כאַפּ מיך, דו שאָטן, אַרויף אַפן פערד!
מיט הויכע רייטערס אַף ליכטיקע פערד! —
דורך איצט און דורך שוין דורך דאָ און דורך דאָרט
צום טראָפּן, צום קוואַל און צום יאַם.

4

— ווי לאַנג, אָ, הויכער רייטער אַפן פערד?
— ווי לאַנג ס׳וועט זיין די נאַכט!
— ווי שנעל, דו הויכער רייטער אַפן פערד
— ווי שנעל, די שאָען גייען!
— וואוהין, דו הויכער רייטער אַפן פערד?
— וואוהין דאָס וואַסער רינט...

---

דאָס פערד איז הויך און גרויס,
און איך האָב קליינע פיס.
ס׳ליטקע־פלייש באַ מיר
איז נישט פאַר רייטעריי...

מיין אָרעם דין און בלאַס
פּאַר רימענדלעך פון טפילין. —
מיין זאַטל־טוך איז זייד
און פּורפּור־וואָל און האַמף.
מיין רייט־בייטש איז געדרייט
פון ציצעס־פעדעמלעך.
די שפּאָרן זענען בלויז
פון מאַצע־רעדלעך צוויי,
אַף פלעדערווישן פליט
מיין שפּיציק פליגלפעדער.

און איך זיץ שטיל און פלי,
און ריר נישט אָן דאָס פערד...
ווי ס'רירט נישט אָן דאָס פערד
די וואָסעדיקע ערד.

5

שאָטנס שיטן זיך פולע זעק
פריילעך קינדער אָט־אַזוי...
פריילעך אָן אַ סאָף.
רוף דורך וואַלד און רוף דורך באַרג,
דיין ווידערקאָל וועק אויף.

אָ, שאָטן, רוף דיין אַמעדייש
ווייל טאָג איז גוט און טאָג איז גרויס,
און מעסט די לאַנגקייט פון דיין קאָל
מיט אייביקייטס אַ טראָט.
(ווייל טאָג איז גוט און טאָג איז גרויס).
אַ שטערן לייכט פון וויטן הויז.
אַ נאַכט גייט אויף, אַ טאָג גייט אויס.
און וואונדער זענען גרויס!

6

פאַרנעמט איר הימלען און איך וועל רעדן:
אַף אייך, איר פרעמדע, ווייטע קרויווים

טרוי איך אַן די טאָרבעס מיינע!
אַף די זומערדיקע זייגער-צוועלפס הענג איך אויף
מיין וואַנדראָווניק-שטעקן.
אַף קרומע פּלויטנשאָטנס,
באַ גערטנער קאַרשן,
לאָז איך אָפּרוען מיין לאָמען פוס.

אַף אַלע ווענקלען שטייען מאַטקעבאָזשעס
און קרענצלעך טראָגן זיי,
און איך בין מיר אַן אָרעם אינגל.
לייג איך אָפּ מיין זעקל באַ דער מאַטקעבאָזשעס-שטיינערנער שויס,

עפן-אויף מיין טאָרבע מיט נעדאָוועקוליטש,
צייל מיר איבער די פּאָר נייע-גראָשנצער
באַ דעם ליכט פון מאַטקעבאָזשעס פאַלשע דימענט-אויגן,
צייל דאָס לעצט-געלט פון מיין רייכן פעטער
אין טאַרנעפּאָל דער שטאָט,
און ציבלקעלעך — גרין פון גאָרטן
מיט ווייסע, ביינעוודיקע קעפּלעך
לעהנען אונטער מיר סהאָרץ.
(בעיים דער הונגעריקער שפּאַרבער פּיקט ס׳קרענצל
באַ דער טויטער, אויסגעפּוצטער מאַטקעבאָזשע!)

7

אָ. רייטער אַפן פערד,
אָ, הויכער רייטער —
ווי לאַנג וועסטו רייטן
אין אייביקע ווייטן?
אָ, הויכער רייטער אַפן פערד,
רייט שנעלער ווי הימל,
רייט שנעלער פון ערד.

8

ווי די אינדן אַפן יאָם
אַזוי אומרוט מיין האַרץ.

שלאָגן זיך, צעשלאָגן זיך די ווילדע האָפענונגען אַף שוים.
דער יאַם איז לויטער, ווי אויג קאָן טראַכטן.
דער כאָלעם איז פאַר טויזנט-טויזנט-טויזנט נעכט.
שטיי איך איינזאַם אַפן יאָר-יאַריד פון פעסלעך שפינוועבס,
לאָז איך איבער מיר די זומערדונערס שרייען,
לאָז איך איבער מיר די בליצן לאַכן.
דער שטורעם רעדט פאַר מיר. די וויסטעניש אומענדלעכע
שווייגט מיין שווייגן אוים.
איך שטיי באַם שטילן קוואַל. געבויגן אַף די קניעס
ווי אַ פרעג-צייכן פון בלוט און פלייש,
און קוש דאָס ביסל וואַסער, וואָס איך טרינק
און טרינק דאָס ביסל וואַסער, וואָס איך קוש.

און וווייט, אין דער וווייט, הער איך אַלץ
דעם רייטער רייטן
רייטן, רייטן, רייטן,
אַף זיין הויכן פערד,
אַף זיין זייער הויכן פערד
מיט פלאַקערדיקער גריווע,
וואָס פלאַטערט דורך וואַלד און פעלד,
ווי אַ וואונדערלעכער כאָלעם,
וואָס ווערט מעקוייעם...

## טילדי

שפּאַן־איין דעם שליטן, טילדי!
מיט פיר הערשן אין דער ברייט:
טילדי, טילדי, טילדי
זאָל קלינגען אין דער ווייט.

דער פראָסט איז ריין היינט, טילדי,
אָט ווי אַ לייוונט־פּאַס;
די גאַנצע וועלט איז איצטער
איין ווייסע, לאַנגע גאַס.

טאָ לאָז די הירשן, טילדי,
מיט הערנערלעך פון זילבער,
זאָלן הירשן אַף די הערנער
נעמען צייט און רוים.

נעם־מיט פייגן און האָניק,
און בראָמפן נעם אַ פלאַש;
טאָמער שטאַרבט פון אונז איינער,
טאָ נעם־מיט בייגל מיט אַש.

דער וועג איז לאַנג, אָ, טילדי,
דער שניי איז טיף און הויך,
פון פיצל קוימענס זעט מען
שוין באַלד נישט אָן דעם רויך.

ס'איז ווייט דער וועג, אָ, טילדי,
נאָר הירשן גייען גרינג;
זיי גייען און זיי שפּריצן
פונקען, האַרטן שניי.

ס'איז גוט צו פאָרן, טילדי,
אין שליטן שאַרף און גרינג,
ווען טילדי־טילדי־טילדי
שיט זיך אינם ווינט...

# ווייזאָסעס פּאָנים אין דער לעוואָנע

1

אין ברייטע פלעשער-הויזן פון געלן זייד.
זיצט דער גרויסער קעניג אַכאַשווייראָש.
מעלקט מיט די ליפּן דעם קאַליאַן פון זיין שרעקלעך לאַנגער ליולקע. און דער רויך דערגרייכט זיין האַלז ערשט אַף איבער־מאָרגן.
זיבן מוידן ווי די בערן,
קרייזלען אים די שוואַרצע רינגל-באָרד.
זעקס קנעכטאַטשעס קנעטן אים די פּלייצעס
מיט יאַכן-בסאָמים.
מיט מירר און דירר.
אַ נעגל־שניצער שניצט דעם קעניגס נעגל,
און מאַכט פון יעדן נאָגל־שפּיץ אַ גענזנפעדער אַף צו שרייבן
פּראָנונ־
טשיאַ־
מענטאָס.
(און ווייל דער קעניג, ווי מיר ווייסן, איז נישט קיין פאַר־גרעבטער, האַלט ער אין דער האַנט אַ בלאַקזשאַק-צעפּטער, וואָס אַז עמיצער ווייזט אים קיין געטריישאַפט נישט ארויס, — גיט ער אים דערמיט אַ קנאַק אין קאָפּ און — אויס).
פאַרטיק מיט די נעגל, נעמט מען און מ'זאַלבט דעם קעניג — מיט אַזאַ מין שפּריצערל מיט זאַלב.
(ענלעך צו די שפּריצעלעך, וואָס מ'נוצט בא אונז אַף רייניקן די בעטן).
און מ'זאַלבט אים הינטערן אויער. די קנייטשן פונם קאָרק.
די האַלבע רינגען הינטער זיינע פליישעדיקע בריסט.
מ'זאַלבט און מ'זאַלבט. — איעדער שפּאַלט.
דעם קעניגס ביגדי־מאַלכעס ווערט באַגאָסן מיט אַזאַ־מינזאַך, וואָס ס'איז שווער עס אָנצורופן אַקוראַט אַף אונזער שפּראַך — — —

דערנאָכדעם גיבן דריי יעוואָנים אַ געשריי:

— אַכאַ

— שוויי

— רוש!!

און ס׳גיט זיך מיט אַ קנאַק אַ הויב ס׳גאַנצע ביסל פּאָלק־וואַרג און גיט זיך קריק אַ זעץ אַוועק: פּלומפּלאַ!

ווערט שטיל. אַלע אונטערטאַנען — פרויען, מענער — מוזן שווייגנדיקערהייט אײַנזינען האָבן מיט אַלע קויכעס און אָן שום איבערשלאַג:

אַז קעניג אַכאַשווירעש איז ליכטיק ווי דער טאָג.
און אַלע אַנדערע קעניגן זײַנען קעגן אים —
סמאַרקאַטשעס.

— — — — — — — — — — — — — — — —

איצטער גייט מען עסן.

2

דער קעניג עפנט ס׳מויל פאַנאַנדער און בלײַבט שטיין אַזוי. וואַרפט מען אים אין מויל אַרײַן פּורים־קראַפן און האָמען־טעשלעך אָנגעפילט מיט זאַפּאַפּיאַ.

דער קעניג טוט זיך זײַנס מיט שטאָלץ און קאָוועד.
און גראַגערס גראַגערן גראַגראַ.
און טרומייטערס מאַכן טראַטאַטאַטאַ.

און יעדעס מאָל, ווען דער קעניג וויל אַרונטערשלינגען אַ געשלינג, העלפן אַלע מאַכן מיט די ליפּן און די ווײַשעטס, קעדיי דעם קעניג זאָל דער שלינג זײַן גרינג.

עסט מען אָפּ, — נעמט מען און מען וועגט דעם קעניג אויף אַ וואָג.

איז צוגעקומען עפּעס וואָס — איז גוט.

אויב נישט, נעמט מען און מען פּיטשקעט־אָן דעם הויפּט־מיניסטער,

ביז סע שפּריצט ס׳בלוט,

און באַשפּריצט דעם קעניגס געלע הויזן מיט שפּרײַנקעלעך פון רויט.

און דער אַלטער שטערנזעער כאַפּט די לייטער און נעמט זיך דראַפּען אַפן בוידעם —
אָנזידלען די שטערן.

און אויסקראַצן באַם מענטשעלע פון דער לעוואָנע ס'לינקע
אויג.

און סעטוצעך!

3

אָנגעגעסן זיך מיט טרויבן-קאַשע, גייט דער קעניג שלאָפן.
שפרינגען אום די פליי אַרום דעם קעניג — גאָלדגעפלייעכץ.
און זיי זינגען פליגעזאַנגען —זינגען זיי!
און די אויבערפלוי זינגט אַזוי:
„קעניג, קעניג,
אונטערטעניג —
בין איך דיר.
און איז דאָס דיר צו וועניג —
בין איך דיר
נאָך מ ע ר ע ר
אונטערטעניג".
אַט אַזוי
זינגט די אויבערפלוי.

4

נאָר דער קעניג קען נישט שלאָפן — ווייל זיין וואַשטי
וואַשט זיך נישט
מיט וואַסער, נאָר מיט בוימל פון אַזאַ מין שמעקעדיקן פיש.
איז שווער צו גיין צום טיש —
מיט איר.
בפרט אין בעט אַריין.
(אָ, ניין!
און טויזנט מאָל ניין!)
טראַכט דער קעניג און איז בייז און הייס
און עס באַזעצט אים אַזש אַ קעניגלעכער שווייס —
און ער רייסט די באָרד אויס באַ דעם כאָכעם שישקאַבעבע,
און ער זאָגט אַף פּערסיש: „מענע קוביעטא טרעבע".
נעמט דער כאָכעם און פאַרקנייטשט דעם שטערן
און ער טראַכט און זאָגט: ס'עט ווערן!

5

קומט עסטער צוגיין. זיס ווי אַ געבראָטענע טויב.
פאַר איר גייט די שמעקעדיקע לויב —
צום קעניג און זיין קרוין.

